# ידיעות

וועגן

# יידיש

פאַקטן, מיינונגען און אָפּשאַצונגען

•

פּעריאָדישער אינפאָרמאַציע־בולעטין

צונויפגעשטעלט פון

יהושע ראָטענבערג (בראַנדייס אוניווערסיטעט)

אַרויסגעגעבן פון

אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק

מיט דער הילף פון

אהרן פישמאַן פונדאַציע פאַר יידישער קולטור

2

Printed in the United States of America

# י ד י ע ו ת וועגן י ד י ש

## פאקטן, מיינונגען און אפשאצונגען

## פעריאדישער אינפארמאציע - בולעטין

צוזאמענגעשטעלט פון
יהושע ראטענבערג
בראנדעיס אוניווערסיטעט

העפט - 2

ארויסגעגעבן פון
אלוועלטלעכן יידישן קולטור-קאנגרעס
ניו-יארק
מיט דער הילף פון
אהרן פישמאן פונדאציע פאר יידישער קולטור

Printed in the United States of America

# א י נ ה א ל ט


| קאפיטל | זײט |
| --- | --- |
| א פּאָר װערטער פון דער רעדאקציע ........................ | 1 |
| װעגן דער מערכה ייִדיש ........................... | 2 |
| פּלענער און מײנונגען ............................ | 16 |
| ביכער און ארטיקלען װעגן ייִדיש ........................ | 20 |
| איבערזעצונגען פון ייִדיש אין אנדערע שפּראכן .............. | 24 |
| אונטערנעמונגען און צונױפקומען ........................ | 28 |
| פּרעמיעס און סטיפּענדיעס ........................... | 34 |
| טעאטער, מוזיק,טעלעװיזיע ........................... | 38 |
| קורצע נײַס פון דער גאָרער װעלט ........................ | 46 |
| ייִדיש אין פּוילן ............................. | 50 |
| 20 יאָר אלװעלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס .............. | 61 |


" " "
" "

# א פּאָר ווערטער פון דער רעדאַקציע

דאָס דערשײַנען פון ערשטן העפט „ידיעות וועגן ײדיש" האָט
ארויסגערופן אינטערעס אין דער ײדישער עפנטלעכקײט. די אָפּרופן אין
דער פרעסע און פון יחידים זײַנען אין אלגעמײַן געווען פאָזיטיוו. פאַר-
שטײט זיך, עס זײַנען אויך געווען קריטישע באמערקונגען. א טײל פון
די טענות האָבן אָבער נישט גענומען אין באטראכט די צילן און די מעג-
לעכקײטן פון אונדזער אויסגאבע.

ווילן מיר דאָ מאכן קלאָר עטלעכע זאכן. די „ידיעות" האָבן
זיך נישט געשטעלט פאר א ציל צו פארנאָטירן יעדן פאַקט וואָס האָט צו
טאָן מיט ײדיש (ווי למשל אלע ײדישע פארזאמלונגען און אלע ײדישע טע-
אטער-פאָרשטעלונגען אד"גל) וואָס קומט פאָר אין דער וועלט. מיר באמיען
זיך צו פארנאָטירן די וויכטיקסטע פאקטן. די אינסטיטוציעס און ערטער
וואָס שיקן צו אינפאָרמאציע צו די „ידיעות" וועלן צו מאָל זײַן פראָפּאָר-
ציאָנעל מער פארטראָטן ווי די וואָס גיבן זיך נים די מי עס צו טאָן.

אונדזערע לײענערס דארפן ווימן, אז די ארויסגעבערס פון די
„ידיעות" האָבן באלד אין אָנהײב באשלאָסן, אז געוויסע רובריקעס זאָלן
נישט ארײַנגענומען ווערן אין אונדזער אויסגאבע. עס איז, למשל, בא-
שלאָסן געוואָרן, אז עס זאָל נישט זײַן קײַן רובריק „נײַע ביכער", ווײַל
וועגן דעם אינפאָרמירט רעגולער די „ציקאָ". מיר פאַרנאָטירן אָבער יאָ
די ביכער וועגן ײדיש און איבערזעצונגען פון ײדיש. די „ידיעות"
גיבן אויך נישט קײַן פולע אינפאָרמאציע וועגן דער טעטיקײט פון „ײוואָ",
ווײַל דער ײוואָ גיט אלײַן ארויס א פעריאָדיקן בולעטין. עס ווערט אויך
נישט געגעבן קײַן שום אויסשעפיקע אינפאָרמאציע וועגן ײדישן שולוועזן,
ווײַל דאָס איז א צו גרויס געביט עס זאָל קענען געהעריק אָפּגעשפיגלט
ווערן אין אונדזער קלײַנער אויסגאבע. אונדזערע מעגלעכקײטן זײַנען
באגרענעצט.

מיר האָבן געהאט בדעה ארויסצוגעבן די „ידיעות" אויך אין
דער ענגלישער שפראך, כדי צוצוקומען צו די וואָס קענען נישט לײענען
קײַן ײדיש און האָבן אן אינטערעס פאר ײדיש - פאר דער שפראך און
פאר דער קולטור. לײדער האָבן מיר דערווײַל נישט געהאט די פינאנסיע-
לע מיטלען אונדזער דאָזיקן פלאן דורכפירן. בײַ דער ערשטער מעג-
לעכקײט וועלן מיר עס טאָן.

אלע זײַנען מסכים, אז א בולעטין פון אזא כאראקטער איז
נײטיק. דער ערשטער נומער איז פאר דעם די בעסטע אטעסטאציע. דער
המשך פון דער פלאנירטער אונטערנעמונג ווענדט זיך אן די פרײַנד פון
ײדישן וואָרט.

לויטן אײַנגעשטעלטן אײַנפיר דארפן זײַן אין יעדן נומער גרע-
סערע אָפּהאנדלונגען וועגן מצב פון ײדיש אין אײן אָדער צווײ לענדער.
אין איצטיקן נומער איז דאָ א מאמר וועגן „ײדיש אין פוילן" און א
גרעסערע אָפּטײלונג מיט אָפּשאצונגען וועגן דער מערכה פון ײדיש אין
מדינת ישראל.

מיר האָבן מסכים געווען מיט א צאָל לײענערס וואָס האָבן פאָר-
געשלאָגן צו נומערירן די ידיעות-אײַנסן, כדי מען זאָל קענען גרינ-
גער נאָכקוקן און געפינען.

די רעדאַקציע

## וועגן דער מערכה ייִדיש

אין די ייִדישע ישובים פון צפון- און דרום-אמעריקע, סאָוועטן-פאַרבאַנד, ישראל איז ייִדיש נאָך אַלץ אַ גרויסער פאַקטאָר. דער מצב ענדערט זיך, די ראָלע פון ייִדיש בייט זיך, איר השפעה נעמט כסדר אָן אַנדערע פאָרמען, - ווי מיר זעען עס געננוג בולט קודם כל אין אמעריקע און אין ישראל. קיינער קען ניט פאָרויסזאָגן די צוקונפט. די געשיכטע גייט ניט מיט גראָדע געננוי פאָרויסגעזעענע ליניעס.

נייע מיינונגען און איבעראַשונגען וועגן דער באַדייטונג און ראָלע פון ייִדיש קומען פון פאַרשיידענע לענדער. אַ סברא, אַז דאָס לאַנד וואו די באַציאונג צו ייִדיש רופט אַרויס די היציקסטע מיינונג-פאַרשידנקייטן איז דאָס ייִדישע לאַנד - ישראל.

דער ישראלדיקער זשורנאַליסט ש. שחריה האָט דורכגעפירט פאַרן זשורנאַל „די גאָלדענע קייט" אַ סימפּאָזיום אין דער פאָרעם פון אינטערוויוען מיט אינטעלעקטואַלן, ווּיסנשאַפטלערס און שרייבערס פון ישראל אויף דער טעמע:

<u>ייִדיש לשון, ייִדישע ליטעראַטור אין ישראל</u> <u>105</u>

ש. שחריה שרייבט אין זיין איינפירוואָרט „דער כוח פון ייִדיש":
- פאַרפירט אַ שמועס וועגן <u>י ד י ש</u> און באַלד גייט דער שמועס אַריבער אויף <u>י ד י ש ק י י ט</u>. דאָס אַליין זאָגט עדות וועגן דער וויטאַלקייט פון אונדזער פאָלקס-לשון וואָס איז געקנופּט און געבונדן מיט אינטעגראַלער ייִדישקייט. איך האָב דורכגעפירט שמועסן מיט גייסט-מענטשן, מיט פּראָמינענטע פאָרשטייערס פון דער ישראלדיקער ליטעראַטור און וויסנשאַפט און כמעט ביי אַלע פון זיי האָט זיך געמערקט אַן אויפריכטיק-פּאָזיטיווער צוגאַנג צו אונדזער ייִדיש-לשון". - מיר גיבן דאָ קורצע טיילן פון די שמועסן (געדרוקט אין יובל-נומער 60, 1967 - „די גאָלדענע קייט").

<u>אליהו אילת</u>, פּרעזידענט פון העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים:

> אוודאי זע איך עס ווי אַ הייליקן חוב, אַז
> איינע פון די צילן וואָס מדינת-ישראל דאַרף שטעלן
> פאַר זיך איז צו ווערן אַ הויפּט-צענטער פון דער
> ייִדישער קולטור. דאָס מיינט אַלע ווערטן וואָס זענען
> געשאַפן געוואָרן אין ייִדיש-לשון, בפרט נאָך דעם
> וואָס עס איז געשען מיט די ייִדישע צענטערס און מיט
> די קולטור-מקורות וואָס זענען שוין מער ניטאָ.
> כ'מיין, אַז ייִדיש און די ייִדישע שאַפערס דאַרפן ווי
> געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן. מיין פּאָזיטיווע באַציאונג
> צו ייִדיש איז ניט נאָר דערפאַר ווייל דאָס איז ייִדיש,
> נאָר ווייל דאָס איז אַ חוב לגבי די אומגעקומענע
> זעקס מיליאָן ייִדן וואָס ייִדיש איז געווען זייער לשון.
> מיר דאַרפן אויפזאַמלען און פאַראייביקן זייערע קול-
> טור-אוצרות. בעיקר ייִדיש און ייִדיש-שאַפונג. ניט

ווי אן ארכיוו-מאטעריאל נאָר ווי א לעבעדיקן און ווירקנ-
דיקן פאקטאָר אין אונדזער קולטור-לעבן...

...מען דארף, לויט מײַן מײנונג, אויסברייטערן
דעם לימוד ניט נאָר איבער ייִדיש, נאָר טאַקע לערנען
ייִדיש גופא. עס וואָלט געווען א גאנץ גלײַכע זאך צו
לערנען ייִדיש אין אונדזערע מיטלשולן, ניט נאָר אין
אוניווערסיטעט. אז ניט, וועט אויך ניט זײַן קיין
רעזערוואר פארן העברעישן אוניווערסיטעט און זײַן
ייִדיש-קאטעדרע. אמת, דער ענין איז ניט אזוי פשוט,
איינע פון די שוועריקייטן איז אפשר דער דוחק אין
לערערס. מײַן איך, בכן, אז די ייִדיש-קאטעדרע אויפן
העברעישן אוניווערסיטעט דארף זײַן ניט נאָר פאר פאָר-
שונג, נאָר אויך פאר צוגרייטן א לערער-פערסאָנאל פאר
ייִדיש נאָכן אדורכגיין א פעדאגאָגישע צוגרייטונג אין
דער שול פאר פעדאגאָגיק ביים אוניווערסיטעט.

<u>הוגאָ בערגמאַן</u>, פראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע:

וואָס שייך גלות אין ישראל בין איך אפשר אן
אויסנאם אין אונדזער מדינה. און דאָס דערפאר, ווײַל
איך בין א גרויסער פארהערלעכער פון גלות. ס'איז
ניט קיין צופאל, וואָס אונדזער געשיכטע איז אָרגאניש
פארבונדן מיטן גלות...איך וואָלט אפשר געזאָגט נאָך
מער: איך קאָן מיר גאָר ניט פאָרשטעלן אין מײַן כוח-
הדימיון א ייִדיש פאָלק אין די ד' אמות פון א קליינעם
לאנד. איך זע א ברכה אין דעם וואָס עס האָט אונדז
געבראכט דער גלות מיט זײַנע פארשיידענע קולטורן.
ממילא אויך מיט דער ייִדיש-קולטור. א דאנק דעם זע-
נען מיר אומאויפהערלעך בארייכערט געוואָרן. די ייִדיש-
קייט פון די מערב-איראָפעישע ייִדן איז געווען זייער
אנעמיש. איך געדענק גוט, אז אין דער יוגנט פלעג
איך פון צײַט צו צײַט פאָרן פון פראָג קיין בערלין -
בערלין איז דעמאָלט געווען פאר מיר א צענטער פון
מיזרח-ייִדנטום. דאָרט זענען געווען ס"י איש-הורוויטש,
ח.נ. ביאליק, ש.י.עגנון און אנדערע. שטענדיק פלעג
איך קומען צוריק פון בערלין אן אָפגעפרישטער אין
ייִדישן זינען. איך פלעג הערן שמועסן אויף ייִדיש און
העברעיש...איך וואָלט אײַך דערמאָנט פראנץ קאפקא, וואָס
פאר אים איז א ייִדיש טעאטער פון מיזרח-איראָפע אין
פראָג געווען ממש אן אנטפּדעקונג געשעעניש אין זײַן
לעבן. עס איז א מאָל געקומען אין פראָג זשאַק לעווי
מיט א קליינער ייִדישער טרופע - ניט קיין געהויבענע -
און מען האָט גערעדט צווישן זיך ייִדיש. דאָס אלץ האָט
אויסגעפילט די בענקעניש פון פראנץ קאפקא נאָך א
פולער ייִדישקייט וואָס ער האָט ניט געפונען אין שטוב
פון זײַנע עלטערן...

<u>לאה גאָלדבערג</u>, העברעישע דיכטערין און קריטיקערין

קיבוץ-גלויות איז אוודאי מחייב צו מקבץ זײַן
און היטן די קולטורווערטן וואָס דאָס ייִדישע פאָלק האָט
געשאפן אין גלות און קענען גיין לאיבוד,קלאָר, אזא
רײַכער טייל ווי די ייִדיש-ליטעראטור דארף שטרענג אָפּ-
געהיט ווערן. מדינת-ישראל דארף טאָן אלץ, אז די

אזוי רײַכע קולטור־אוצרות פון פאָלק זאָלן דאָ געפינען
זײער תיקון אויף פאַרשײדענע אופנים, נים צו לעצט –
דורך געבן זײ א העברעישן לבוש. אָבער אויך זײער
ײדישער לבוש, „װי ער איז״, איז גענוג װיכטיק – אז
ער זאָל נים צעטרענצלט װערן. די פראגע איז נאָר, װי
זאָל מען עס אויספירן. בדרך־כלל איז דאָ א געפיל
אין די לעצטע יאָרן – אז די יונגנט אינטערעסירט זיך
מער מיט ײדיש. סײ סאברעס און סײ סטודענטן פון א־
מעריקע, װאָס שטודירן אלגעמײנע ליטעראטור, זענען
גענײגט ארײַנצוכאפּן זיך אין „פּרדס פון ײדיש״. און
ניט קײן װונדער: די ײדישע ליטעראטור איז א רײַכע
און א זײער אינטערעסאנטע.

שמעון האלקין, העברעישער דיכטער, פּראָפעסאָר פון העברעישער ליטעראטור
אין ירושלימער אוניװערסיטעט.

אלע זײַנען מיר איצט מודה, אז ײדיש האָט געהאט
א דערציערישן כוח און דאָס ײדישע פאָלק האָט געשעפּט
פון ײדיש־לשון ניט־װײניק גײַסטיקע און קולטורעלע
חיונה. אבער אין פלוג איז ײדיש פון תמיד אָן געװען
אַן אינטעגראלער טײל פון העברעיש. אויף ײדיש זאָגט
„שמחה״ מער װי „פרײד״, „צער״ מער װי „לײד״, „יסורים״ אפשר
מער װי „פּײַן״. און איצט איז טאקע א גרויסער צער װאָס
ײדיש־לשון איז װײט נים מער דאָס װאָס ס'איז געװען.
אז מען מאכט א חשבון װאָס עס איז געװען מיט ײדיש
אין די פאראײניקטע שטאטן, באקומט זיך א ביז גאָר
טרויעריקער חשבון. (דאָס הײסט ניט, אז דער חשבון
פון העברעיש איז דאָרט א סך פרײלעכער). א ײדיש
בוך װערט ניט פארקויפט... אמת, איצט איז שוין נימאָ
קײן קאמף צװישן העברעיסטן און ײדישיסטן. אבער אײך
האָב אמאָל געזאָגט לײוויקן, אז עס בענקט זיך נאָך יענע
טעג װען מען האָט זיך „געריסן צװישן זיך״ – דעמאָלט
איז געװען לעבן...

<u>ישורון קשת</u>, העברעישער דיכטער, ליטעראטור־קריטיקער

יאָ, איך בין מודה, אז די ײדיש־ליטעראטור
איז הײַנט א סך נעענטער װי די העברעישע ליטעראטור
צו דער אלטער ײדישער געמיטלעכקײט פון דער תקופה
װאָס איז הינטער אונדז: א תקופה װאָס איז דורכגע־
דרונגען מיט װערט פון משיחיזם, פון לויטערער
משיחיזם און אמונה אין נצח־ישראל. מיר האָבן נים
אין דער נײַער העברעישער ליטעראטור קײן ברײט פאר־
מאָסטענע פּאָעמעס װאָס פארנעמען זיך מיט דער װעלט
פון ײדישקײט־װערטן װי, למשל, „דער גײער״ פון מנחם
באָרײשא, װעלכער איז בעצם א העברעישער שרײבער אויף
ײדיש. און מנחם באָרײשא איז נאָר אײנער פון א היפּ־
שער גרופּע.

אונדזער נאַציאָנאלער אויפלעב װעט שטענדיק
זײַן פארבונדן מיט דער העברעישער שפּראך. ײדיש
קאָן ניט װערן דער אינסטרומענט פונעם נאַציאָנאלן
רענעסאנס. די העברעישע שפּראך איז אונדזער ארון־
קודש, און די ײדישע שפּראך איז אונדזער טשעמאָדאן.
דעם ארון־קודש האָבן מיר ליב פאר זיך גופא. אָבער
װאָס שײך דעם טשעמאָדאן, האָבן מיר ליב נאָר דאָס װאָס

עס איז אין אים דא אינעווייניק... ייִדיש וועט בלייבן א
שפּראַך וואָס איר ליטעראַטור איז אונדז צום נאָענטסטן.
וועגן אנדערע שפּראַכן קאָן מען דאָס ניט זאָגן. די
יוגנט וואָס קען ניט קיין ייִדיש און געהערט ניט צו די
וואָס אינטערעסירן זיך מיט ייִדיש באַדאַרף האָבן גוטע
איבערזעצונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין העב-
רעיש. פאַרשטייט זיך מיט איין תנאי - אז די איבער-
זעצונגען זאָלן זיין קינסטלערישע און זאָלן געמאַכט
ווערן דורך שאַפערישע שרייבערס וואָס זענען אליין מסוגל
צו שרייבן ייִדיש.

<u>י.י. ריבלין</u>, פּראָפעסאָר פון אָריענטאַליסטיק אין העברעישן אוניווערסיטעט

בכלל איז די קעגנערשאַפט צו ייִדיש געגאַנגען
אין צוויי ריכטונגען: קודם-כל די משכילים וואָס האָבן
געהאַלטן נידעריקער פאַר זייער כבוד זיך צו אינטערע-
סירן מיט דער „שפּחה". בעת דער קיום פון דער העב-
רעישער שפּראַך אין ארץ-ישראל איז געשטאַנען אין קאַן
- האָבן מיר געמוזט שטיין שטאָל און אייזן פאַר העברעיש.
דאָס איז געווען א „געבאָט פון דער שעה". איצט, אז
העברעיש האָט זיך שוין איינגעפונדעוועט, מעג שוין דער
„העברעער" זיין נאָכגיביק צו ייִדיש. נאָך מער: ער
דאַרף אפילו העלפן, אז דאָס וואָס האָט זיך געשאַפן אין
ייִדיש זאָל ווערן די נחלה פון דעם פאָלק אין ישראל.

" " "

<u>106</u> וועגן א סימפּאָזיום געדרוקט אין דער יוגנט-אָפּטיילונג פון דער
ישראלדיקער צייטונג „מעריב" שרייבט יעקב גלאטשטיין („סאברעס נעמען
זיך צו ייִדיש" אין „טאָג-מאָרגען-זשורנאל", סעפּט' 1967):

„כדי איבערצוגעבן די מי, וואָס א סאברע
פאַרשאַפט זיך אמאָל כדי צו רעדן ייִדיש, איז די דאָזי-
קע אנקעטע געפירט געוואָרן, אונטער דעם קעפּל - "איז
גרינג צו רעדן ייִדיש?". די אלגעמיינע פראַגע, וואָס
מיט איר האָבן זיך די אָנפרעגערס געווענדט צו אלע
יוגנטלעכע, איז אזוי פאַרמולירט געוואָרן: „צי האָט
דער אויפגעוועקטער ברידערלעכער גייסט, וואָס איז גע-
קומען צום אויסדרוק ביים גאַנצן ייִדישן פאָלק, געביטן
דעם צוגאַנג פון די סאברעס צום גלות און צו זיין
- כמעט אָפיציעלער שפּראַך - ייִדיש?".

אויף דער דאָזיקער פשוטער פראַגע האָבן די
יוגנט-אויספרעגערס באַקומען איבערראַשנדיק-אינטערע-
סאַנטע ענטפערס, וואָס זענען מערסטנס געווען לויב-
געזאַנגען פאַר ייִדיש, אָבער דער רוב ענטפערס אויף
דער אנקעטע איז א נחת צו לייענען.

די ענטפערס האָבן אנטהאַלטן אזעלכע אויסדרוקן,
ווי - ייִדיש איז „א דאַמבע קעגן אסימילאַציע אין גלות",
„א קולטור-טרעגערין", „שפּראַך פון זיידע-באָבע".

אָט זיינען קירצונגען פון עטלעכע ענטפערס: „איך
טראָג ביי זיך אין האַרצן א פאַרהוילענע ליבשאַפט צו דער

ײדישער שפראך, שװער צו דערקלערן אַט די ליבשאפט. עס
דארשט מיך ממש צו הערן טײל מאָל א ײדיש װאָרט, עס בעט
זיך דערװארעמען בײַ איר פלאם, װאָס איז אזוי גוט, ממש
װי א „ײדישע מאמע" צי א „ײדישע נשמה", און טײל מאָל
דאכט זיך מיר, אז ײדיש איז טאקע מײַן אמתדיק מאַמע-
לשון. דערפאר דערלאָזט נישט דאָס הארץ זיך פון איר
מתיאש זײַן, זאָגן נאָך איר קדיש. איך פיל, אז מיר
פארלירן עפעס, װאָס קײנער װעט נישט קאָנען פארבײַטן".

דער דאָזיקער יוגנטלעכער, יחיאל קלר, פארענדיקט מיט א װענ-
דונג צו די ישראל-יוגנטלעכע, אז זײ זאָלן זיך דערנענטערן צו
ײדיש און זיך ניט שעמען מיטן לשון. ער באשולדיקט די צײַטונגען.
אז זײ זײַנען אין א גרויסער מאָס פאראנטװאָרטלעך פאר דער ביטול-
באציאונג װאָס מיר יוגנטלעכע װײַזן ארויס צו דער ײדישער שפראך.

א צװײטער ענטפער פון צ. גאָלדשטײן פארשטארקט נאָך מער דעם
רוף צו טאָן עפעס, אז ײדיש זאָל קריגן א חשיבותדיקן אָרט אין
לעבן פון דער ישראל-יוגנט. „צי דען װעלן מיר לאָזן די פאר אונדז
טײַערע שפראך פון די עלטערן שטארבן, אויסגײן? צי װעלן מיר זיצן
און שװײַגן, בשעת די ײדישע שפראך גײט אונטער און מיט איר די קול-
טור, װאָס אונדזערע גרויסע דיכטערס און פראָזאאיקער האָבן אין איר
געשאפן? חלילה וחס. הײנט שטרעבן א סך יוגנטלעכע צו לערנען
ײדיש אלס א צװײטע שפראך אין די מיטלשולן. הײנט פרעג נאָר א
יוגנטלעכן װאָס זײַן גרויסער חלום איז, װעט ער דיר ענטפערן: צו
לײענען די װערק פון שלום-עליכמען אויף ײדיש".

שמואל סעגאל גײט נאָך װײַטער אין זײַן ענטפער װעגן ײדיש:
„עס װאָלט גוט זײַן צוגעװאוינען אונדזערע קינדער אויפצוכאַפן
צו פארשטײן די שפראך, װאָס מען דארף זיך מיט איר בשום אופן ניט
שעמען. מען טאָר נים לאָזן די שפראך זאָל אונטערגײן. אמת, עס
װעט דויערן לאנג צוצוגעװאוינען די מזרח-עדות צו די שפראך-קלאנ-
גען, װעלן מוזן די לערערס און דערציערס געפינען װעגן װי אזוי
באליבט צו מאכן די שפראך בײַ אלע עדות, סײַ אײַנגעזעסענע, סײַ נײַ-
געקומענע".

אז „מען דארף זיך ניט שעמען מיט ײדיש" װארפט זיך דורך
אין עטלעכע ענטפערס, װי א פאָרװאורף צו דער אײַנגעװאָרצלטער באַ-
ציאונג צו ײדיש מצד דער ישראל-יוגנט. אָבער דער פאָרװאורף איז
אויך אויפן אדרעס פון עלטערן און דערציערס.

" " "

<u>107</u> פראָפעסאָר דב סדן שרײַבט (אין א סימפּאָזיום אין דער ישראלדי-
קער צײַטונג „על המשמר") װעגן א מײנונג װאָס ער האָט געהערט פון
י.ד. בערקאָװיטש, אז „אין גאנג פון דער געשיכטע װעט ײדיש זיך
ארײַנװעבן אין העברעיש װי ארמיש אמאָל. און טײלן פון דער אמאָ-
ליקער פרעמדער שפראך, ארמיש, זײַנען דאָך הײנט לעבעדיק אין
פאָלק און דװקא בײַ די אינטימסטע מאָמענטן פון לעבן, װי למשל קדיש,
די כתובה בײַ דער חתונה, תפילות, װי כל נדרי, אקדמות, יקום-
פורקן, זמירות, יה רבון א"א. הגם ארמיש האָט געהאט דעם יתרון
װאָס זי איז געװען לינגװיסטיש נאָענט צו העברעיש האָט אָבער דיש
די העכערקײט װאָס קײן אנדער ײדישע שפראך, א חוץ העברעיש, האָט
נישט דערגרײכט אזא זעלבשטענדיקײט, אײַגנארט און גײַסטיקע עשירות.
דעריבער איז דאָס פארלאָזן, דאָס פארגעסן ײדיש, אָפּגעריסן פון איר
אומקום, א פארלוסט װאָס קײן שום פאָלק װאָס האלט טײַער זײַנע אײַגענע

װערטן און היט אױף זײַנע אײגענע שאַפּונגען, קען ניט און דאַרף
ניט מיט דעם שלום מאַכן״.

״ ״ ״

<u>108</u> אין דער זעלביקער צײַט האָט אַרױסגערופֿן אַ שטורעם, סײַ
אין ישׂראל און סײַ אין אַנדערע לענדער, דער אָנפֿאַל אױף ייִדיש
פֿון באַקאַנטן העברעיִשן שרײַבער חיים הזז, אין אַ רעדע בײַ אַ
פֿײַערונג לכּבֿוד אים, װאָס איז שפּעטער איבערגעגעבן געװאָרן אין
דער ישׂראלדיקער פּרעסע.

די שורות װאָס האָבן אַרױסגערופֿן דעם גרעסטן פּאַרדרוס
זײַנען די פֿאָלגנדיקע (לױט װי עס האָט זײ איבערגעגעבן דער זשור-
נאַל „דער ייִדישער קעמפֿער״ פֿון 8־טן מערץ 1968):

אָט אַזױ האָט עס (דאָס ייִדישע פֿאָלק) זיך געשאַפֿן
אַ העברעיִש־ליטעראַטור און אַ ייִדיש־ליטעראַטור. װער
קען אױסרעכענען דעם עודף פֿון ענערגיע, װאָס איז
צעטרענצלט געװאָרן אין אָט די אַלע דורות; די שאַ-
פֿונגס־כּוחות, װאָס זײַנען צעװאָרפֿן געװאָרן; פֿולע
װעלטן מיט פּאָעזיע און געדאַנק, װאָס זײַנען אַװעקגע-
שלעפּט געװאָרן. װען ניט אָט די רױבערישע פֿאַרשװענ-
דונג, װאָלט די העברעיִשע ליטעראַטור געװען די רײַכ-
סטע פֿון אַלע ליטעראַטורן בײַ די אײראָפּעיִשע פֿעלקער
- װײַל זי איז דאָך די ערשטע פֿון אַלע --- אָבער דאָס
פֿאָלק איז אַנטלאָפֿן פֿאַר זיך אַלײן, פֿאַרבאָרגן זײַן
פּנים פֿאַר זײַן שכינה, פֿאַרשטאָפּט אין זיך דעם יצירה-
קװאַל... דאָס איז אײנע פֿון די גרעסטע אַנטױשונגען,
װאָס דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אַנטױשט...

זאָגט װעגן דעם דער זשורנאַליסט ק. שטײן (אין זעלביקן „דער ייִדישער
קעמפֿער״):

ביז איצט האָבן מיר פֿאַר זיך אַ „לעגאַלע״ הגם ספּקדיקע
עלעגיע. דער העברעיִשער שרײַבער הזז האַלט, אַז בלױז
אין העברעיִש קען דאָס ייִדישע פֿאָלק האָבן אַ ליטעראַטור
- און װען ייִדן האָבן געשריבן אין אַנדערע לשונות
(אפֿילו אַזעלכע װי אַראַמיש און ייִדיש), איז עס געװען
אַ שרעקלעכע פֿאַרשװערונג פֿון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט.
דערפֿון װאָלט נישט געװען די רײד - װען ער פֿעלשט
נישט קײן פֿאַקטן. שרײַבט ער אָבער װײַטער:

די צװײ ליטעראַטורן, העברעיִש און ייִדיש, װאָס
זײַנען פּאָפּולער געװאָרן אין פֿאָלק, זײַנען געװען אַנ-
דערש אײנע פֿון דער צװײטער; געקעמפֿט אײנע מיט
דער אַנדערער און אַרױסגעשטױסן אײנס דאָס אַנדערע.
איז די ליטעראַטור אױף ייִדיש געװען אַ קאָמפּראָמיס-
לעכע גלײַך פֿון דער נאַטור, װי זי איז געשאַפֿן גע-
װאָרן (מטבע בריאה); אַ בירגערלעכע (באַלעבאַטישע),
אַ צופֿרידענע פֿון זיך, אַן הנאה־שעפּנדיקע; אין
גאַנצן (אַרײַנגעטאָן) אין דער װאָכעדיקײט פֿון שטײ-
גער און באַװירצט מיט דער סענטימענטאַליטעט און
חסידיש־סטיליזירטער ראָמאַנטיק, זי האָט כּמעט נישט
געװאוסט פֿון קײן פּראָבלעמען, פֿון קײן ראַנגלענישן;

> און נישט קיין ספיקות און וואקלעניש; און נישט
> קיין מחשבה און דענקען. און דער יידישער מענטש
> אין איר איז געווען אן אדם השלם.
>
> דאָס פּאַרקערטע אין דער העברעישער ליטעראַ-
> טור, אין וועלכער דער גאַנצער ייד האָט זיך איינגע-
> בראָכן. זי איז געווען אן אידעאַליסטישע ליטעראַ-
> טור לויט איר שטאַנד און אָרט אינעם פאָלק - און
> א רעאַליסטישע אין איר יסוד; רעאַליסטיש, מער ווי
> ס'האָט זיך אַנטפּלעקט פאַרן אויג; און ס'איז אין
> איר גאָרניט געווען פון דער סענטימענטאַלער זיסקייט
> און אויגן-פאַרבלענדערישער ראָמאַנטיק - - איר
> ווייסט, וואָס די מענטשן פון דער יידיש-ליטעראַטור
> האָבן אָפּגעטאָן דעם יידישן פאָלק - און וואָס ס'איז
> געוואָרן איר סוף, דאָס איז איינס פון שוידערלעכסטע
> קאַפּיטלען אין אונדזער געשיכטע...

און ק. שטיין באַמערקט צו דעם:

> ווער עס קען א ביסל די יידישע ליטעראַטור, ווייסט
> אליין ווי עקלדיק-פאַרקריפּלט ס'איז דאָס בילד וואָס הוז
> האָט פון איר געמאָלן. אריינלאָזן זיך אין א וויכוח,
> וואָלט געווען איבער די כוחות.

דער ישראלדיקער קאָרעספּאָנדענט פון „טאָג-מאָרגן-זשורנאַל" דוד פלינ-
קער שרייבט אין זיין בריוו (בטן מערץ 1968), „ס'ווערט טרויעריק אויפן
הארצן ווען מען טוט א טראַכט ווי אזוי נעמט זיך צו אזא חשובן שרייבער
אזוי פיל האס און שנאה צו דעם לשון פון זיינע אבות - וואָס מאַכט אים
בלינד און ער דערריידט זיך ליידער צו שטותים און הבלים, וואָס פאַר-
שאַפן נים קיין כבוד <u>בלויז אים"</u>.

" " "

<u>109</u> דער פּאָעט יעקב גלאַטשטיין שרייבט וועגן זלזול פון יידיש אין א
טייל העברעישע ווערטערביכער. אין „מלון חדש" פון אברהם
אבן שושן געפינט זיך די פאָלגנדיקע פאַרטייטשונג פון וואָרט „זשאַרגאָן":
„לשון בלולה מיסודות של לשונות, כגון הלשון האידית המדוברת מפי
המוני ישראל בגולה". (א שפּראַך וואָס איז צונויפגעמישט פון עלע-
מענטן פון פאַרשיידענע שפּראַכן, ווי למשל, די יידישע שפּראַך וואָס ווערט
גערעדט פון די יידישע מאַסן אין גלות). דער „מילון עברי-אנגלי שלם"
פון ראובן אלקלעי טייטשט דאָס וואָרט זרגון (זשאַרגאָן) גאָר פּשוט:
זרגון - יידיש. דאָס, שרייבט גלאַטשטיין, „איז היסטאָריש און פילאָלאָגיש
א בלבול, און דערציעריש - סקאַנדאַליעז".

"
" " "

<u>110</u> ווי אזוי באַצייט מען זיך בכלל איצט צו יידיש אין ישראל?
וועגן דעם זאָגט זיך ארויס א. בן-עמי („דער יידישער קעמפער",
29סטן מערץ 1968).

> רודפט מען נאָך עד-היום יידיש אין ישראל?
> בטעוולט מען זי מיט אויסגערעכנט-בייזע כוונות?
> וויל מען זי סתם אומברענגען? נאָך א לאַנגער שטיל-

קײם האָט מען  בײ אונדז װידער גענומען אלאַרמירן
װעגן דעם — צוליב אלערלײ נאַרישע קלײניקײטן, װאָס
זײנען אפשר נישט װערט די ריד. עס דאַרף אָבער נישט
הײסן, אַז מיר װילן דאָ איגנאָרירן געװיסע דערשײ-
נונגען.

ס'איז בפירוש אמת, אַז אין געװיסע קרײזן האָט
אויפגעװאַכט א מין נאָסטאַלגיע צו ײדיש — װאָס װערט
צוגעדעקט מיט א מין פילאַנטראָפּישער רחמנות. דאָס
מײנט: בכדי מ'זאָל אַזעלכע חשובע ײדן נישט חושד זײן,
חלילה... אַז זײ האָבן זיך טאַקע אויף אַן אמת פאַר-
בענקט צום אַלט-הײמישן לשון מוזן זײ האָבן עפּעס א
שטיקל הומאַניטאַרן תירוץ. זאָל עס הײסן, אַז מ'גײט
דאָ פאַרדינען א מצװה. כ'װיל דאָ אילוסטרירן א ביסל
דראַמאַטיש  װ אָ ס  כ'מײן דערמיט:

מיט א צײט צוריק האָט דער גרעסטער זשורנאַל,
װאָס דערשײנט אויף ײדיש אין ישראל („די גאָלדענע
קײט") געפײערט די ערשטע 60 דערשײנענע נומערן —
װאָס שטעלן מיט זיך אײגנטלעך פאַר זעכציק  ז א ם ל-
ב י כ ע ר,  הכלל: א דערשײנונג, װאָס װאָלט ארויסגע-
רופן א היפּשן טומל אין די ליטעראַרישע אָפּטײלונגען...
װען זי זאָל זײן אין העברעיש. דערצו נאָך װערט „די
גאָלדענע קײט" ארויסגעגעבן פון דער הסתדרות. אָבער
צו יענער שמחה — װאָס כ'בין א בעלן געװען צו זען
מיט די אײגענע אויגן — זײנען בלויז געקומען עטלע-
כע הונדערט „ײדישיסטן" פון גאַנץ תל-אביב און אומ-
געגנט. נישט געװען קײן אײן באַגריסער אפילו פון
דער הסתדרות — װאָס גיט ארויס דעם זשורנאַל — און
אװדאי נישט קײן פיצל צושריפט (פון פּערזענלעכן אָנ-
טײל איז שוין אָפּגעשמועסט) מצד א העברעישער שרײ-
בער-אָרגאַניזאַציע.

אָבער מיט א צײט שפּעטער איז פאָרגעקומען אַן
אַנדער אונטערנעמונג לכבוד א ײדישן פּאָעט; און
ס'איז געװען הימל עפן זיך. װער האָט זיך דאָרט
נישט באַטײליקט? און װעלכער „העברעישער" גדול האָט
דאָרט נישט צוגעלײגט קײן העלפערישע האַנט? אויף א
שאלה בײ עמעצן װאָס ס'איז דער חילוק צװישן בײדע
אונטערנעמונגען, האָט מיר א באַקאַנטער ײד געזאָגט:
װאָס פאַרשטײט איר דאָ נישט? יענער פּאָעט האָט זוכה
געװען מ'זאָל שפּילן א לאַנגע צײט זײנס א „זאַך" אין
ישראל — און זי האָט געװאַלטיק „אָנגערירט" בײם
סאַברע-עולם. דװקא יונגװאַרג האָט „געלעקט די פינ-
גער!" און זײן פּאָעזיע איז פּשוט אַרײן אין מאָדע
בײם יונגן דור. װי באַלד אַזוי — איז שוין נישטאָ
קײן סכנה פון „קאָמפּראָמיטירן זיך". אויב אפילו
„בנענים" קװעלן אָן פון יענעם, מעגן שוין אויך
בכבודיקע ײדן עפנטלעך דעמאָנסטרירן זײער סימפּאַטיע
צו אים. אָבער װען עס גײט אין א ײדישן זשורנאַל,
װאָס האָט נאָך נישט אַדורכגעבראָכן די „סאַברישע",
אָדער גאָר די „כנענישע" מויער? דאָ איז נאָך אָפּשר
כדאי אָנצוװאַרטן די מעטאָדע פון „באַגעגן מיך נישט
אונטער די לינדן". דאָס מײנט: שטילערהײט װעט
מען גלעטן אין פלײצע — אָבער נישט באַװײזן די ליב-

שאפט בפני כל עם ועדה.

111/45 דער ײדישער פּאָעט יוסף פּאַפּיערניקאָװ װאָס לעבט שױן קרוב 45 יאָר אין ישׂראל און האָט די גאַנצע צײַט געשאַפֿן אין ײדיש, איז אין מערץ 1968 געקומען אויף א באַזוך קײן אַמעריקע. ער איז זי־כער באַהאַװנט װעגן דער מערכה פֿון ײדיש אין ישׂראל. דאָס זײַנען זײַנע מײנונגען װעגן דעם ענין.

ײדיש װערט איצט מער טאָלערירט װי אין די פֿריער־דיקע יאָרן, אָבער אָפֿט איז עס א טאָלעראַנץ מער פֿון רחמנות, א באַציאונג פֿון מיטלײד, װי צו עפּעס װאָס עס גײט דאָך אַלץ אײנס אונטער.

אָבער ײדיש האַלט נאָך גאַנץ װײט פֿון אונטער־גײן אין ישׂראל.

אין ישׂראל זײַנען דאָ מער ײדן, װאָס קענען נישט קײן העברעיש, אָדער װאָס קענען א ביסל העב־רעיש, װעלכע לעבן זיך אויס אין ײדיש. דער ײדי־שער טעאַטער האָט אָפֿט גרעסערן מאַטעריעלן דערפֿאָלג װי דער העברעישער, כאָטש מ׳קען נישט זײַן צופֿרידן מיט זײַן ניװאָ, אײנהאַלטלעך און קינסטלעריש. דער אויסנאַם אין דעם פּרט איז בולאַװ. אים גײט מען הערן פּונקט װי מ׳גײט צו דער הבימה, אים קומען הערן העברעיש־רעדנדיקע פּונקט װי ײדיש־רעדנדיקע. אויך עני ליטאַן, א פֿײַנע ײדישע שױשפּילערין, פֿירט אויף בעסערע זאַכן. דער ניװאָ פֿון איר טעאַטער איז א העכערער, דאָס לשון א ציכטיקער. אָבער בכלל דאַרף געזאָגט װערן, אַז עס איז דאָ א פּובליקום פֿאַר א ײדישן טעאַטער, אָבער קײן טעאַטער איז נישטאָ, װײַל נישט בולאַװ און נישט עני ליטאַן האָבן שטענדיקע טעאַטערס, אַזױ װי די העברעישע.

מאַנגער איז זײער באַליבט בײַ דער ישׂראל־יוגנט. ער איז פֿאַר זײ פֿאַרשטענדלעך, פֿאָלקסטימלעך, װאַרעם. זײַן פּאָפּולאַריטעט איז קאָלאָסאַל. זײ פֿאַרגעטערן אים ממש.

װאָס איז שײך אײנפֿיר פֿון ײדיש־לימוד װי א צװײטע שפּראַך אין די ישׂראל־מיטלשול, גלײבט דער חשובער גאַסט, אַז אין דעם זײַנען א היפּש ביסל שולדיק די עלטערן. װען די עלטערן זאָלן פֿאָדערן, װאָלט מען געקאָנט אויספֿירן, אַז דער לימוד פֿון ײדיש זאָל אײַנגעפֿירט װערן אין נאָך שולן, פּונקט װי דאָס איז שױן אײַנגעפֿירט אין אײן מיטלשול, אין קרית חײם, הינטער חיפה, מיט דער גוטהײסונג פֿון בילדונגס־מיניסטעריום.

פֿאַרװאָס פֿאָדערן נים עלטערן? קײן אײן אײנ־ציקער ענטפֿער איז אויף דעם נישטאָ! עס זײַנען דאָ א סך סיבות, אָבער דער פֿאַקט איז, אַז זײ פֿאָדערן נישט און דאָס איז אײנע פֿון די סאַמע װיכטיקסטע אורזאַכן פֿאַרװאָס דער לימוד פֿון ײדיש איז נישט אײַנ־געפֿירט געװאָרן אין א גרעסערער צאָל ישׂראל־שולן.

די ייִדישע שרײַבער, זאָגט ער, זײַנען אײַנגעטײלט
אין צװײ עלעמענטן: עס זײַנען דאָ ייִדיש־שרײַבער, װי
סוצקעװער, צאַנין און אַנדערע װאָס זײַנען אינסטיטו־
ציעס, און לעבן פֿון זײער שרײַבן. די מערסטע מיט־
גלידער פֿון ליטעראַטן־פֿאַראײן לעבן נישט פֿון זײער
שרײַבן. דער ליטעראַטן־פֿאַראײן װי אַ גאַנצער פֿאַרנעמט
זיך נישט מיט קײן ליטעראַטור, זעלטן װען פֿירט מען
דורך אַ רעפֿעראַט װעגן ליטעראַטור. ס'אינטערעסירט
זיך נישט מיט װאָס מ'שרײַבט, אָדער צי מען שרײַבט בכלל.
ס'זײַנען דאָ שטעט און שטעטלעך , װאו מען װאַרט אויף
אַ ייִדיש װאָרט, אויף אַ ייִדישער לעקציע, אויף אַ ייִדישן
שרײַבער, אָבער די ייִדיש־שרײַבערס װײַזן נישט אַרויס קײן
איניציאַטיװ, קײן אינטערעס, יעדער איז פֿאַרנומען מיט
זיך.

װאַרפֿט נים די שולד אויף העברעיסטן – איר
זײַט די שולדיקע.

װי אַן אילוסטראַציע װאָס ייִדיש־שרײַבער קענען
טאָן װען זײ װילן און װײַזן אַרויס אינטערעס און
איניציאַטיװ, האָט פּאָפּיערניקאָװ דערצײלט װעגן דער
קלײנער ליטעראַרישער גרופּע װאָס איז מיט עטלעכע יאָר
צוריק געגרינדעט געװאָרן אין חיפה. אין דער גרופּע
זײַנען נישטאָ קײן שרײַבער מיט גרויסע, אָדער פּאָפּולע־
רע נעמען. אָבער אָט די קלײנע גרופּע באַװײַזט אַרויס־
צוגעבן אַ יערלעכן ליטעראַרישן אַלמאַנאַך, בעת דער
ליטעראַטן־פֿאַראײן, װעלכער עקזיסטירט שוין איבער
35 יאָר, גיט אַרויס אַן אַלמאַנאַך אײן מאָל אין עטלעכע
יאָר. די חיפהער ליטעראַרישע גרופּע װערט אויך גע־
שטיצט פֿון דער הסתדרות אין חיפה, עפּעס װאָס דער
ליטעראַטן־פֿאַראײן האָט נים באַװיזן צו דערגרײכן. זײ
אָרגאַניזירן אויך לעקציעס אין די אַרומיקע שטעטלעך.
זײ האָבן דורכגעפֿירט אַן אָװנט לכבוד איט אַלײן אין
קרית חײם און דער זאַל איז געװען איבערגעפּאַקט.
(טאָג־מאָרגן־זשורנאַל, 5טן אַפּר' 1968)

" " "

## 112 די קאַטעדרע פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור אין דעם ירושלימער אוניװערסיטעט

שמועס מיט פּראָפֿ' דוב סדן, אָנפֿירער פֿון דער קאַטעדרע (איבער־
געגעבן לויט אַן אַרטיקל פֿון צבי זמיר, געדרוקט אין „ייִדישע קולטור"
יאַנואַר, 1968)

אין 1926 האָט דער פֿילאַנטראָפּ שאַפּיראָ געגעבן
דעם העברעישן אוניװערסיטעט, װאָס איז דעמאָלט אַלט
געװאָרן צװײ יאָר, אַ באַדײטנדיקע סומע געלט, לויט
די באַגריפֿן פֿון יענער צײַט, כדי צו עטאַבלירן אַ קאַ־
טעדרע פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. דער
ענין האָט אַרויסגערופֿן אַ מחלוקה און עס האָבן זיך
געשאַפֿן צװײ צדדים. אײן צד װאָס איז באַשטאַנען פֿון
מאַגנעס, ביאַליק און בערל קאַצענעלסאָן איז געװען פֿאַר
דעם פּראָיעקט. זײערע קעגנער זײַנען געװען מ.מ. אוסיש־
קין, י. קלויזנער און דינור. כדי אויסצומײַדן קרי־

גערײען האָט מען דעם פּלאַן אױפגעגעבן.

אין די מיטעלע 40-ער יאָרן האָט דער ענין װידער אױפגעטױכט, און דער פּראָיעקט איז רײף געװאָרן אין די יאָרן 1948-1949. אין 1950 איז געשאַפן געװאָרן א פאָנד דורך דעם „נאַציאָנאַלן ארבעטער-פאַרבאַנד". װאָס האָט דערמעגלעכט דעם אָנהײב פון דער ארבעט.

אין 1951-1952 האָט מען געעפנט די קאַטעדרע צו ערשט מיט אײן לערער. מיט די יאָרן האָט זיך די קאַטעדרע פאַרברײטערט סײ אין לערער און סײ אין סטודענטן.

הײנט איז שױן א לערער אין דעם קרײז דער װער עס איז געװען דער ערשטער פון די סטודענטן - פּראָפ' חנא שמערוק, ער איז אױך א לערער אױף דער קאַטעדרע פון ײדיש אין דעם אוניװערסיטעט פון חיפה.

אױסער אים און אױסער פּראָפ'סדן לערנען אױך בנימין הרו-שאָװסקי, מענדל פּיעקאַזש װעלכער האָט געאַרבעט צו דערגאַנצן די װערק פון צינבערג, ד"ר דוב נוי און חוה טורינסקי, װעלכע ארבעט באַזונ-דערס אין די צוגרײט-קורסן, פון צײט צו צײט זײנען אױך געװען פאַר-טראַגן פון געסט פון דרױסן.

די קאַטעדרע האָט צװײ אַספּעקטן: אין אוניװערסיטעט נעמט בדרך כלל ארום אלע ענינים פון ײדישן פאַלק אין אלע ערטער און צײטן. פון דעם איז געדרונגען, אז זי דאַרף זיך פאַרנעמען מיט דער ײדישער שפּראַך און ליטעראַטור, װעלכע שפּרײט זיך אױס אױף א תקופה פון 800 יאָר און אױף א גרױסן שטח - דעם גרעסטן טײל פון מזרח-און מערב-אײראָ-פּע ביז צו די עקן פון צפון-איטאַליע און האָלאַנד.

די קאַטעדרע באַאײנפלוסט אױך אנדערע ארום, העלפט אױס אַנ-דערע געביטן, װי די געשיכטע פון ײדנטום, געשיכטע פון דער ליטעראַ-טור, געזעלשאַפטלעכע באַװעגונגען, השכלה, חסידות. אַזױ קומט אױס, אז די קאַטעדרע עקזיסטירט סײ פאַר זיך און סײ צוליב דער הילף װאָס זי ברענגט די אנדערע אָפּטײלונגען.

דאָס לעצטע אלײן איז געצילט צו געבן געװוגנדיקן װיסן װי א באַזע פאַר פאָרשונג. די פאָרשונג פון דער ײדישער ליטעראַטור און שפּראַך װי א װיסנשאַפטלעכע מאָדערנע דיסציפּלין איז זײער יונג און נעמט אױף גרױסע מעגלעכקײטן פאַר א ברײטער און רײכער פאָרש-ארבעט. טאַמש טױזנטער דאָקטאָראַטן, װי עס דריקט זיך אױס פּראָפ'סדן, דרעמלען נאָך זײער שלאָף אין דעם געביט. עס זײנען שױן פאַראַן געביטן - װי די געשיכטע פון די ײדן אין מזרח-אײראָפּע װאו די סטודענטן מוזן אָפּ-געבן עקזאַמענס אױף ײדיש. אנדערש װעלן זײ ניט קאָנען פאַרזעצן זײער שטודיע. אין דער צוקונפט װעט דער פּליכט אױסגעברײטערט װערן אױך צו אנדערע פאַכן און געביטן.

עס איז פאַראַן א פּראָבלעם פון צעטײלן דעם מאַטעריאַל פון לער-נען. פּראָפ' סדן טענהט, אז מען פאַרלאָזט זיך אױף דער דערפאַרונג צו באַשטימען דאָס געװיכט און די פּראָפּאָרציע פון דער אלטער און נײער ליטעראַטור. דערװײל פאַרבינדט מען בײדע תחומים. אַזױ האָט, צום בײשפּיל, פּראָפ' סדן ארױסגעגעבן צװײ ביכער - אײנס, „אכני מבחן", אױף העברעיש, װאָס אנטהאַלט טײלן װעגן מאָדערנע ײדישע שרײבער, און דאָס צװײטע „די חכמה פון חכמות" - א בוך װעגן דער געשיכטע פון שפּריכװערטער, א שטודיע װאָס ציט זיך װײט צוריק אין דער פאַרגאַנגנ-הײט. פּראָפ' שמערוק האָט פאַרעפנטלעכט א בוך איבער „בײנאַכט אױפן אלטן מאַרק" פון י.ל. פּרץ און א צװײטע פאָרשונג װעגן ײדישער ליטע-ראַטור אין איטאַליע פון צוריק מיט עטלעכע הונדערט יאָר.

עס איז פאראן א נײגונג צו פאראינטערעסירן א ברײטערן קרײז. פאר דעם איז פאראן אן אײן־יאריקער קורס פאר ײדישער ליטעראטור און אין דעם באטײליקן זיך סטודענטן װעלכע געהערן נישט דירעקט צו דער קאטעדרע. דער קורס באשטײט פון 80־100 סטודענטן. דער קורס באהאנדלט א באשטימט פראבלעם אין משך פון א גאנץ יאר. אין דעם קורס װערט דער טעקסט געלערנט אין איבערזעצונג, אין דער צײט װען אין דער קאטעדרע װערט יעדער טעקסט געלערנט נאר אין אריגינאל. אבער דער קורס טראגט א סך צו צו פארברײטערן דעם אינטערעס אין ײדיש.

א פראגע איז, צי קען א סטודענט, אן ארץ־ישראל געבוירענער װעלכער קומט צו דער קאטעדרע נישט קענענדיק די שפראך, לערנען און דערגרײכן צו זעלבסטשטענדיקער פארשונג. פראפ׳ סדן באמערקט, אז עס איז שוין פאראן אזא בײשפיל. ד"ר דן מירון, װעלכער איז פראפעסאר פאר העברעישער ליטעראטור אין דעם אוניװערסיטעט פון תל־אביב, האט געמאכט זײן דאקטאראט אין ײדישער ליטעראטור. פאר דער צוקונפט זײנען פאראן א סך פראיעקטן. דער גרעסטער פון זײ איז פון פראפ׳ האלפערן אויפצושטעלן א מענדעלע־אונטערנעם. די ארבעט האט מען אנגעהויבן פאר צװײ יאר און מען מאכט פארבארײטונגען צו אן אקאדעמישער פארעפנטלעכונג פון אלע שריפטן פון מענדעלען – אין העברעיש און ײדיש, און נאך צוריק מיט צװײ יאר האט מען פארעפנטלעכט א ביבליאגראפישע רשימה פון די קװאלן. די ארבעט װערט אויפגעהאלטן צוליב מאנגל אין בודזשעט. ביז איצט האבן עס פינאנסירט דער אוניװערסיטעט און דער מדינה־פרעזידענט. דער גרעסטער טײל פונעם מאטעריאל איז שוין גרײט און עס װעט פארעפנטלעכט װערן אין 12 גרויסע בענדער.

" " "

## 113 ײדיש אין דער חיפהער גימנאזיע

א שמועס מיט ד"ר כגן, דירעקטאר פון
דער גימנאזיע אין קרית חײם, חיפה.

ד"ר כגן אונטערשטרײכט, אז ער האט שוין לאנג געטראכט װעגן ײדיש־לימוד אין זײן גימנאזיע, נאר ער האט באדארפט צו ערשט צוגרײטן די לערער צו דעם געדאנק, האבנדיק א חשד, אז עס װעט זײן א װידערשטאנד מצד דעם לערער־פערסאנאל.

צוריק מיט א יאר האט ער געמאלדן די לערער, אז ער טראכט אין יאר 1967־1968 אײנפירן די ײדישע שפראך װי אײנע פון די פרעמד־שפראכן. אין ישראל איז אײנגעפירט דאס לערנען פון צװײ פרעמד־שפראכן; די ערשטע איז ענגליש, װאס אלע קינדער מוזן זי לערנען אנהײבנדיק פון דעם זעקסטן פאלקסשול־קלאס, און די צװײטע – אראביש אדער פראנצײזיש, לויט דעם אויסװאל פון דעם שילער אין די לעצטע 3 יאר פון דער גימנאזיע.

ד"ר כגן האט צונויפגערופן די שילער און האט זײ געמאלדן, אז מען װעט אײנפירן ײדיש װי א צװײטע פרעמד־שפראך. ארום דעם פלאן פון ד"ר כגן האט זיך אויפגעהויבן אין דער היגער פרעסע א פאלעמיק, און נישט אלע זשורנאליסטן האבן דאס אויפגענומען מיט צופרידנקײט און סימפאטיע.

ד"ר כגן האט מודיע געװען װעגן זײן פלאן דעם אונטערריכט־מיניסטעריום א האלב יאר פריער. ער האט נישט באקומען קײן שריפט־לעכן ענטפער, נאר מינדלעך האט מען אים געראטן אײנפירן דעם לימוד

נישט אין ראמען פון דעם לערן-פּלאַן, נאָר לויט פרײַוויליקע „קרײַזן"
אין נאָכמיטאָג-צײַט. ער האָט די עצה שאַרף אָפּגעוואָרפן און פאַרלאַנגט,
אַז ייִדיש זאָל אָפיציעל אַנערקענט ווערן און אויך אָנגענומען ווערן
אין די מאַטוריטעט-עקזאַמענס.

נאָך א צײַט האָט ער באַקומען פון דערציאונג-מיניסטעריום א
שריפטלעכע באַשטעטיקונג וועגן זײַן פאַרלאַנג און דערמיט האָבן זיך
די אָפיציעלע פאָרמאַליטעטן פאַרענדיקט.

דאָס ערשטע יאָר האָבן זיך פאַרשריבן 19 שילער פון 240.
ד"ר כגן באַצײַכנט, אַז דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער הסכּמה פון
די עלטערן וועלכע האָבן דאָס אָנגענומען מיט צופרידנקײַט און אים
באַגריסט פאַר זײַן איניציאַטיוו.

ער האָט זיך געווענדעט צום אוניווערסיטעט פון ירושלים און
האָט געבעטן א לערער פאַר ייִדיש. מען האָט אים געשיקט יחיאל שײַנטוך,
אַן אַסיסטענט פון פּראָפעסאָר שמערוק.

דער לערער שײַנטוך קומט ספּעציעל פון ירושלים צוויי מאָל א
וואָך און פילט אויס זײַן אַרבעט מיט גרויס געטרײַשאַפט און דאָס האָט
געבראַכט גרויסע דערגרײַכונגען.

עס ווערט געלערנט 4 שעה א וואָך - צוויי מאָל צו צוויי שעה. דאָ
באַמערקט ד"ר כגן, אַז די וואָס האָבן זיך פאַרשריבן האָבן געהאַט א
באַציאונג צו דער ייִדישער שפּראַך און דאָס האָט מעגלעך געמאַכט איבער-
צוגײן צו טעקסטן און שוין דאָס ערשטע יאָר האָט מען געלײענט „דאָס
מעסערל" פון שלום-עליכם און אײניקע זאַכן פון איציק פעפער, „פּרץ"
און אַנדערע. ד"ר כגן שטרײַכט אונטער, אַז דער גיכער איבערגאַנג
צו ערנסטע טעקסטן האָט פאַרגרעסערט דעם אינטערעס בײַ די שילער, א
זאַך וואָס איז נישט מעגלעך בײַם לערנען אַראַביש אָדער פראַנצײזיש.

צום קומענדיקן יאָר האָבן זיך שוין פאַרשריבן 59 שילער אין
צוויי קלאַסן.

דאָ שטרײַכט ד"ר כגן אונטער צוויי פּונקטן: א) אויב דאָס ערשטע
יאָר האָבן א טייל פון די שילער גענומען דעם קורס כּדי זיך פאַרגרינגע-
רן דאָס לערנען, זײַנען די וואָס האָבן זיך איצט פאַרשריבן פון די בעסטע
שילער און די סיבה פון זייער אויסוואַל איז געווען דער פאַרלאַנג צו
לערנען; כּמעט אַלע זײַנען געבוירענע אין לאַנד (סאַברעס).

## <u>די צאָל ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן</u> <u>114</u>

### <u>אין דער וועלט</u>

אין דער ייִדישער פּרעסע זײַנען געווען אָפּגעדרוקט ידיעות וועגן
דער צאָל ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן אין דער וועלט, אויפן סמך
פון א פאָרשונג וואָס יוסף פרענקעל פון לאָנדאָן האָט געמאַכט פאַר דער
קולטור-אָפּטײלונג פון ייִדישן וועלט-קאָנגרעס. די אינפאָרמאַציע וואָס
איז געווען געדרוקט אין דער פּרעסע איז געווען א ניט-ריכטיקע. י.
פרענקעל, דער מחבר פון דער פאָרשונג א"נ „ייִדישע פּרעסע אין דער
וועלט" (וואָס איז אַרויס אין לאָנדאָן) האָט צוגעשיקט צו די צײַטונ-
גען בריוו אין וועלכע ער בעט צו פאַרריכטן דעם טעות. ער שרײַבט:
„עס דערשײַנען איצט 886 ייִדישע צײַטונגען און זשורנאַלן אין 79 לענ-
דער, פון זיי - 130 אין ייִדיש".

פון אן אנדער פובליקאציע (צונויפגעשטעלט פון איסר גאָלדבערג.
ע״ה) האָבן מיר א גענויערע אינפאָרמאציע לויט װעלכער עס זײנען הײנט
צו טאָג פאַראַן 115 פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין ייִדיש. זײ טײלן זיך אײן
אויפן פאָלגנדיקן אופן. ייִדישע טאָג-צײטונגען אין דער װעלט האָבן מיר
בסך-הכל 10, דערין 3 אין ניו-יאָרק, 2 אין ארגענטינע, 1 אין אורוג-
װײ, 3 אין פאריז און 1 אין מדינת-ישראל. פאראַן עטלעכע כמעט טאָג-
צײטונגען (װאָס דערשײנען עטלעכע מאָל א װאָך): 1 אין װארשע (4 מאָל
א װאָך), 1 אין בראזיל, 2 אין מעקסיקע און 1 אין סאָװעטן-פארבאנד
(„בירָאָבידזשאנער שטערן״); פאראן חוץ דעם 22 ייִדישע װאָכנבלעטער, 26
חודש-זשורנאלן, 2 פערטליאָר-שריפטן און 43 אנדערע פּעריאָדישע אויס-
גאבעס. עס גײען אויך ארויס 3 ייִדישע ביולעטינען װאָס זײנען באַשטימט
פאר דער ייִדישער פרעסע.

לויט די באזונדערע לענדער האָט צפון-אמעריקע 39 פּעריאָדישע
אויסגאבעס, דערינטער 8 חודשניקעס, 2 װאָכנבלעטער און 3 פערטליאָר-
שריפטן. ארגענטינע האָט חוץ די צװײ טאָג-צײטונגען, 6 חודש-און 9
אנדערע פּעריאָדישע אויסגאבעס. בראזיל - האָט א כמעט טאָג-צײטונג און
2 װאָכנבלעטער, טשילע - 1 װאָכנבלאט, פראנקרײך האָט חוץ די 3 טאָג-
צײטונגען אויך 3 װאָכנבלעטער און 4 חודש-שריפטן; מערב-דײטשלאנד -
1 װאָכנבלאט; פוילן - א חוץ דער כמעט טאָג-צײטונג - 1 חודש-שריפט
און 1 פּעריאָדישע אויסגאבע; סאָװעטן-פארבאנד - 1 חודש-שריפט און 1
כמעט טאָג-צײטונג (אין בירָאָבידזשאן). אין ישראל גײען ארויס חוץ
דעם טאָגבלאט „לעצטע נײַעס״ - 5 ייִדישע װאָכנבלעטער, 3 חודש-שריפטן. 1
פערטליאָר-שריפט און 8 אנדערע ייִדישע װאָכנבלעטער; אויסטראליע האָט
3 װאָכנבלעטער און 3 אנדערע פּעריאָדישע זשורנאלן; דרום-אפריקע האָט
1 װאָכנשריפט, 1 חודש-זשורנאל און 2 פּעריאָדישע שריפטן.

" • " • "

# פלענער און מיינונגען

## 115 די פראיעקטן פון אמעריקאנער קאנגרעס צו שטיצן שפראכן און קולטור פון מינדערהייטן

עס האט זיך אנגעהויבן פון דעם וואס אמעריקע האט א שווערע פראבלעם מיטן אינטעגרירן די גרויסע מאסן פון מעקסיקאנער-אמעריקאנער און פארטאריקאנער. זיי קענען נים געניג ענגליש און זייערע קינדער האבן גרויסע שוועריקייטן אין די ענגלישע שולן, און ווי א פועל-יוצא פון דעם ווערן זייערע ווייטערדיקע דערגרייכונגען אין לעבן געשטערט און באגרענעצט.

עטלעכע מיטגלידער פון אמעריקאנער קאנגרעס האבן דעריבער באשלאסן אריינצוברענגען געזעץ-פראיעקטן, אז די אמעריקאנער רעגירונג זאל העלפן די שפאניש-רעדנדיקע נישט נאר אויסלערנען זיך ענגליש, נאר אויך געבן זיי די מעגלעכקייט צו לערנען זיך און צו באוווסטן בילדונג אין זייער מוטער-שפראך, און אפילו אויפצוהאלטן זייערע „קולטור-אוצרות".

עס זיינען איצט פאראן עטלעכע פארשלאגן פארן אמעריקאנער קאנגרעס. גרויסע קאנגרעסלייט רעקאמענדירן, אין זייערע געזעץ-פראיעקטן, צו העלפן נאר די שפאניש-רעדנדיקע מינדערהיים. פאראן אויך א פראיעקט אויסצובריימערן דעם געזעץ אויך אויף אנדערע נאציאנאלע מינדערהייטן. ווען אזעלכע געזעצן זאלן אנגענומען ווערן וואלט עס אויך געקאנט מיינען א הילף פאר יידיש. געזעצן וואס וואלטן געקאנט אויך אריינגעמען יידיש, ווי עס האבן געפאדערט ביי די קאנגרעס-פארהערן ד"ר שיקל פישמאן און ד"ר ברוס גארדער, שעף פון דער אפטיילונג פאר פרעמדשפראכן ביים פעדעראלן דערציאונג-אפטייל, זיינען געקומען פון די רעפרעזענטאנטן רויבאל פון קאליפארניע און גאנזאלעס פון טעקסאס.

עס ווענדט זיך איצט א סך אין די יידישע ארגאניזאציעס און אין פאראינטערעסירטע יחידים, אין זייער אקטיווקיים און דרוק, כדי איינער פון די ווייטער-גייענדיקע געזעצן זאל אנגענומען ווערן און אויך יידיש זאל קענען געניסן פון דעם.

## 116

ד"ר יוסף לענדים שרייבט אין „דזשואיש הערימעדזש"-נ"ר (ווינטער 1967-1968, ארויסגעגעבן פון „בני ברית") וועגן דער אזוי גערופענער „יידישער שולע" אין דער היינט-צייטיקער אמעריקאנער ליטעראטור.

ער ווייזט אן, אז עטלעכע ייִדיש-אמעריקאנער שרייבערס קומען צו די זעלביקע אויספירן, צו וועלכע י.ל. פרץ איז בשעתו געקומען, וועגן דעם איינפלוס פון זייער יידישער ירושה און יידישע ווערטן אויף זייער שרייבערישן דרך:

> פרץ האט געטראכט וועגן א יידישן וועלט-קוק
> וואס איז אנדערש ווייל ער איז א פראדוקט פון אן
> אנדערן היסטארישן גאנג און אן אנדערן ענטפער צו
> דעם היסטארישן גאנג. א יידישע וויזיע פון לעבן

אין וועלכער דער תמצית איז נים אזוי די זוכעניש
פון גאָט ווי די זוכעניש פון מענטש.

-- דער צווייטער דור אמעריקאנער ייִדן זיינען אין חוץ
פון זייער מאָראַל-וויזיע דירעקטע יורשים פון דער
איבערגעפלאַנצטער ייִדיש-רעדנדיקער וועלט וואָס איז
געווען סיי בנוגע אירע ווערטן און דרכים און סיי בנוגע
איר שפּראַך אַן אינטענסיווע און באַוואוסטזיניק ייִדישע
וועלט.

-- אין דער עטיק פון „מענטשלעכקייט" אַנטפּלעקן די
דאָזיקע שרייבערס אַ לעבן-געבנדיקן אוניווערסאַליזם
אין דער מיט פון אַ טויטנדיקער וועלט. אין דער
פעסטשטעלונג פון דער נויטווענדיקייט פאַרן מענטש צו
זיין אַ „מענטש" ליגט די מאָראַלישע השפּעה פון דער
היינטצייטיקער ייִדישער ליטעראַטור-שאַפונג. מענטש,
מענטש תרדוף, דעם מענטש זאָלסטו זוכן אַלע טעג פון
דיין לעבן.

<u>117</u> דער ענגלישער ליטעראַטור-קריטיקער אירווינג האַו, וואָס איז
צוזאַמען מיטן פּאָעט אליעזר גרינבערג, דער מחבר פון אַן
אַנטאָלאָגיע פון ייִדישע דערציילונגען, אין ענגלישער איבערזעצונג,
האָט פאַרעפנטלעכט אַ קריטישן איבערזיכט פון דערשינענעם בוך „מיין
פּאָטער שלום-עליכם", פון מערי גאָלדבערג (ביכער-ביילאַגע פון „טיימס",
דעם 3טן מערץ 1968) אונטערן נאָמען „די ווערטן פון מענטשלעכקייט"
(„די וועליום אָף מענטשלעכקייט", דאָס ייִדישע וואָרט „מענטשלעכקייט" וואָס
ווערט וואָס אַמאָל מער באַקאַנט אין דער ענגלישער שפּראַך, איז דאָ געבראַכט
אין קעפּל פון אַרטיקל). שרייבנדיק וועגן הומאַניזם (מענטשלעכקייט)
פון שלום-עליכמען און זיין מענטשלעכער וואַרעמקייט וואָס איז איצט נישט
אין דער מאָדע, שרייבט האַו:

- עס גייט דאָ וועגן דער אידייע פון אַ באַציאונג
צווישן שרייבער און זיין עולם וואָס איז ראַדיקאַל אַנ-
דערש פון דער באַציאונג וואָס באַרעכטיקט די גרויס-
האַלטערישע דיסטאַנץ וואָס עסטעטיזם ברענגט אַרויס אָדער
די יאוושדיקע אָפּגעפרעמדטקייט וואָס דער רוב מאָדערניסטישע
שרייבערס פילן. און עס איז נישט ווי שלום-עליכם וואָלט
געווען עפּעס אַ נאַאיווער, פריילעכער זינגער צימבלענדיק אַ
גיטאַרע; אַבסאָלוט נישט. ער איז אַ קולטיווירטער שריי-
בער וועמענס עקספּערימענטן מיט שפּראַך און דערציילערישער
טעכניק זיינען אַזוי אינטערעסאַנט פאַר דעם ליטעראַרישן
עולם ווי די עקספּערימענטן פון זיינע מיטצייטיקע אייראָ-
פּעאישע און אַמעריקאַנער שרייבערס; ער איז אַ שרייבער בייַ
וועמען הומאָר איז קאָמפּליצירט און פאַרטונקלט געוואָרן
דורך די שאַרפסטע אַריינבליקן אין מענטשלעכע פירונגען
בכלל און ייִדישע פירעכצער בפרט.

- עס וואָלט געווען נאַריש אַנצונעמען אַז פשוט דורך
אַן אויסדרוק פון ווילן קען דער שרייבער פון די 1960-ער
צוריקקערן זיך צו דעם אָרגאַנישן קולטור-בונד וואָס האָט
פאַרקניפּט שלום-עליכמען מיט זיינע לייענערס. עס וואָלט
געווען נאָך נאַרישער נים צו זען די אָפּגעפרעמדטקייט פון
אַזעלכע מענטשן ווי דזשאָיס און קאַפקאַ, עליאָט און זשיד,
ווי אַן אויטענטישע רעאַקציע צו די נסיונות פון זייער
צייט. אָבער מאַקע דערפאַר וואָס מיר לעבן מיט דער ירושה

פון די צענטראַלע פיגורן פון ליטעראַרישן מאָדערניזם
קען האָבן א חערט צו מאַכן א שפרונג מיט אונדזער
אימאַזשינאַציע צו דער חעלט פון שלום-עליכמען.

" " "

118 די שטאַרבנדיקע שפראַך חאָס חיל ניט שטאַרבן

אין „הדסה-מאַגאַזין" פון דעצעמבער 1967 האָט איילין נאַחיק פאַרעפנטלעכט אן אַרטיקל אונטער אזא מין נאָמען; זי דערציילט חעגן א פריש-דערחעקטן אינטערעס צו יידיש ביי די יינגערע דורות אַמעריקאַנער יידן. זי שטעלט די פראַגע: איז פאַראַן א רענעסאַנס פון יידיש אין דער קאָסמאָפּאָליטישער תקופה חען געפּילטע פיש, א בערדיקער מילכיקער און א רבי-דעטעקטיוו האָבן דערגרייכט א פּראָמינענטן סטאַטוס אין דער אַמעריקאַנער קולטור?

זי גיט איבער עטלעכע קוריאָזע ביישפּילן פון גרופּעס אַמעריקאַנער-געבוירענע יידן חאָס גיבן זיך די מי צו לערנען זיך יידיש אין די פאָרשטעט פון די גרויסע שטעט, אויף די אוניחערסיטעטן און א מאָל אין א פאַרחאָרפן שטעטל אין מערב. די באַציאונג צו יידיש האָט זיך שטאַרק געביטן פון דער צייט „חען אין 1930-ער און 1940-ער יאָרן האָבן א סך אַמעריקאַנער יידן פון ערשטן און צחייטן דור געקוקט אויף יידיש חי אויף דעם לשון פון „גרינהאָרן", באַטראַכט אים מיט ביטול חי זשאַרגאָן חאָס מען דאַרף אָחעקחאַרפן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע איבערבלייבענישן פון א פאַראַרעמטן אומגליקלעכן עבר".

„היינט", זאָגט זי, „איז אַחעק די אַמאָליקע באַציאונג פון ביטול; און אויף דעם אָרט איז דאָ א נאָסטאַלגישער באַגער אויפצולעבן א חערטפולן טייל פון זייער ירושה, מיט דער אָפט דערקלערטער האָפענונג, אז עפּעס פון דעם חעט זיך אָפּרייבן ביי זייער נישט-יידיש-רעדנדיקע קינדער".

119 יעקב ריז, סעקרעטאַר פון דער יידיש-ליטעראַרישער גרופּע אין פילאַדעלפיע, ציטירט די רייד פון רעפאָרם-ראַבאַי מעטיו העניג, פון טעמפּל-עמנואל אין ניו-דזשורזי, א געבוירענער אין אַמעריקע, חאָס פירט אָן מיט א יידיש-קלוב אין זיין טעמפּל שוין זיבן יאָר:

„חען יידן זוכן זייער אידענטיפיקאַציע, בפרט די יידן חאָס קענען דאָס נישט געפינען אין זייערע רעליגיעזע אַקטיחיטעטן, איז אַבסאָלוט זיכער, אז זיי קענען עס געפינען אין יידיש" און ער גיט צו: „מיין יידיש-קלוב האָט צום ערשטן מאָל פאַראייניקט אין מיין געמיינדע דעם יונגן דור מיט דעם עלטערן דור".

" " "

120 יידיש אין דער טאָראָנטער מדרשה

די מדרשה (העברעישער לערער-סעמינאַר) פון טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, חאָס איר אָנפירער איז ד"ר יוסף דיימאַנד, חאָס איז אויך דירעקטאָר פון „יידישן דערציאונג-ביוראָ" אין טאָראָנטאָ, האָט באַשלאָסן צו מאַכן דעם לימוד פון יידיש אָבליגאַטאָריש (אנשטאָט פרייחיליק חי ביז איצט) פאַר אַלע חאָס גרייטן זיך צו חערן לערערס (נאָר דער לערער-ראַט חעט קענען עמעצן באַפרייען פון דעם חוב) און אז דער יידיש-לימוד זאָל פאַרנעמען צחיי שעה א חאָך אין יעדן קלאַס אנשטאָט איין שעה חי פריער.

דער לערער פון ייִדיש־קורס איז דער באַקאַנטער פּעדאַגאָג משה
מענאַכאָווסקי.

די צאָל העברעישע לערער־סעמינאַרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן
וואָס האָבן איינגעפירט ייִדיש אין זייער קוריקולום האַלט זיך אין פאַרגרע־
סערן (ייִדיש ווערט אויך געלערנט אין פילאַדעלפיע און אין בית־מדרש
למורים אין באָסטאָן).

121 <u>קאָמיטעט פאַר ייִדיש אין טאָראָנטאָ</u>

אין טאָראָנטאָ איז געשאַפן געוואָרן א „קאָמיטעט פאַר ייִדיש" וואָס
האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו פאַרגרעסערן די ווירקונג פון ייִדיש אין
ייִדישן ציבור אין קאַנאַדע. קודם־כל וויל דער קאָמיטעט ווירקן, אַז דער
לימוד פון ייִדיש זאָל איינגעשלאָסן ווערן אין אַלע דאָרטיקע ייִדישע לערן־
אינסטיטוציעס. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצודרוקן אַן אויפרוף אין
ייִדיש און אין ענגליש און פאַרשפּרייטן אים צווישן די עלטערן פון שול־
קינדער. אין אויפרוף פאָדערט זיך פון וועד־החינוך, אַז דער לימוד
פון ייִדיש זאָל איינגעשלאָסן ווערן אין שול־קוריקולום. אַן אַנדער פאָדע־
רונג איז, אַז דער אָרטיקער ייִדישער צענטער („וואַי") זאָל איינפירן קורסן
פון ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור פאַר דערוואַקסענע.

122 אין וויניפּעג, קאַנאַדע, פּלאַנירט מען צו אָרגאַניזירן אין קומענ־
דיקן 1968־1969 סעזאָן טעאַטער־פאָרשטעלונגען אויף ייִדיש.

123 אין מעקסיקע־סיטי פּלאַנירט מען צו שאַפן ביי דער ייִדישער קהילה
א שטענדיקן ייִדישן מוזיי וואָס זאָל פאַראייביקן דאָס ייִדישע לעבן אין מזרח־
איראָפּע.

" " "
" "

# ביכער און אַרטיקלען װעגן ייִדיש

## 124 ייִדישע ליטעראַטור אין ניט־ייִדישע לעקסיקאָנען

– די צװײ בענד פֿון קאַסעלס ליטעראַטור־ענציקלאָפּעדיע (לאָנדאָן) האַלטן העכער 2000 צװײשפּאַלטיקע זײַטן. זײ נעמען אַרײַן אָפּהאַנדלונגען װעגן 70 נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן פֿון דער גאַנצער װעלט און אױך באַזונדערע אָפּהאַנדלונגען אױף ליטעראַרישע טעמעס. דער אַרטיקל װעגן ייִדיש האַלט צװײ זײַטן און זײַן מחבר איז יעקב זאָנטאַג, דער רעדאַקטאָר פֿון ענגליש־ייִדישן זשורנאַל „דזשואיש קװאָרטערלי".

דער מחבר שרײַבט, אַז װי אַ ליטעראַטור־שפּראַך אין מאָדערנעם זין איז ייִדיש אַלט געװאָרן 100 יאָר און דאַטירט פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים. ייִדיש איז אױך אַ היסטאָרישער דאָקומענט פֿונעם פֿאָלקס־לעבן און קען זיך פֿאַרגלײַכן אין איר גרױסקײט מיט נישט אײן מאָדערנער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור. אין דער אָפּהאַנדלונג זײַנען אױסגערעכנט 49 ייִדישע פּראָזע־שרײַבער און 51 פּאָעטן.

– מײערס „האַנדבוך איבער דער ליטעראַטור" (דײַטשלאַנד) האָט האַלט איבער 1000 צװײשפּאַלטיקע זײַטן װײסט נאָר װעגן פֿינף ייִדישע שרײַבער: מענדעלע, שלום־עליכם, פּרץ, שלום אַש און אָפּאַטאָשו. אין דעם „קלײנעם לעקסיקאָן פֿון דער װעלט־ליטעראַטור" איז פֿון דער גאַנצער ייִדישער ליטעראַטור פֿאַראַן בלױז אײן ייִדישער שרײַבער – שלום אַש.

– דער לעקסיקאָן פֿון דער װעלט־ליטעראַטור, אַרױסגעגעבן פֿון געראָ װילפּערט, נעמט אַרײַן 9000 אַרטיקלען. דער רעדאַקטאָר פֿון דעם אָפּטײל פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור איז ד"ר ה. מאַאָר פֿון פֿראַנקפֿורט. אין דעם לעקסיקאָן זײַנען פֿאַראַן אַרטיקלען װעגן שרײַבער װאָס װערן זעלטן דערמאָנט אין אַנדערע לעקסיקאָנען, װי למשל, דוד בערגעלסאָן און דוד פֿרישמאַן. און גרעסערע אָפּהאַנדלונגען װעגן שלום אַש און יוסף אָפּאַטאָשו.

## 125 אוריאל װײַנרײַכס ייִדיש־ענגלישער און ענגליש־ייִדישער װערטערבוך

דאָס דערשײַנען פֿון דעם „מאָדערנער ענגליש־ייִדיש, ייִדיש־ענגליש װערטערבוך" אױף װעלכן אוריאל װײַנרײַך האָט געאַרבעט צװאַנציק יאָר איז אָן ספֿק אַ היסטאָריש געשעעניש אין דער ייִדישער קולטור. דאָס לעצטע ייִדיש־ענגלישע װערטערבוך װאָס איז אַרױס אין 1928 איז שױן איצט פֿאַראַלטערט און קען אונדז מער ניט באַפֿרידיקן.

מער װי אַ העלפֿט פֿון ייִדישן פֿאָלק װאױנט הײַנט צו טאָג אין ענגליש־רעדנדיקע לענדער (פֿאַראײניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, ענגלאַנד. דרום־אַפֿריקע, אױסטראַליע), אַ סך ייִדן אין אַנדערע לענדער קענען און באַנוצן זיך מיט ענגליש. אַזאַ װערטערבוך איז דערפֿאַר אַ נױטװענדיקײט און אַ הילף און סטימול פֿאַר די װאָס קענען װײניק ייִדיש און װילן שטודירן די ייִדישע שפּראַך אָדער לײענען ייִדיש.

דאָס װערטערבוך פֿאַרמאָגט בערך 20 טױזנט װערטער אין יעדער פֿון די צװײ טײלן און גיט ניט בלױז דעם טײַטש נאָר אױך דעם זין פֿון אַ ייִדיש װאָרט, אױסדרוק אָדער אידיאָם. עס װערן אױך אױסגעטײַטשט

די ניזאַנסן פון סינאָנימען. א סך באשטעלונגען פארן ווערטערבוך זיינען
שוין אָנגעקומען צו די פארלעגער.

## 126 עסטרייכישער געלערנטער וועגן יידיש און יידישער ליטעראטור

אין דעם ווינער זשורנאל „ליטעראטור און קריטיק", נומ' 15
פון יאָר 1967 איז אָפּגעדרוקט א גרעסערע אָפּהאנדלונג וועגן דער יידי-
שער שפראך און דער יידישער ליטעראטור. זיר מחבר, דער לינגוויסט און
ליטעראטור-קריטיקער הערמאן האקעל, פארנעמט זיך שוין יאָרן לאנג מיט
דער יידישער שפראך און ליטעראטור. פאר א יאָרן האָט ער ארויסגעגעבן
אין עסטרייך א זאמלונג געהליבענע דערציילונגען א"נ „יידישע דערציי-
לונגען פון דער גאנצער וועלט". בקרוב דארף דערשיינען זיין ברעססאָ-
מאטיע פון דער יידישער ליטעראטור, א באנד מאָדערנע יידישע ליריק און
די איבערזעצונג פון משה קולבאקס „זעלמעניאנער".

הערמאן האקעל לאכט אויס די פאָרשער וואָס האָבן געהאלטן יידיש
פאר א זשארגאָן, אָדער אין בעסטן פאל פאר א מין דיאלעקט פון דער
דייטשער שפראך. כמעט א העלפט פון דער אָפּהאנדלונג פארנעמען איבער-
זעצונגען פון יידישע שפריכווערטער, פאָלקס-לידער און ליריק. ער האָט
זיך נישט געקאָנט אָפּזאָגן פון דעם פארגעניגן, זאָגט דער מחבר, צו
ווייזן די לייענערס נישט נאָר די שיינקייט, מוזיקאלישקייט, אויסדריקלעכ-
קייט פונעם לשון נאָר אויך די טיפע פילאָזאָפישע, אלגעמיין מענטשלעכע
געדאנקען וואָס יידיש פארמאָגט.

די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור ווערט איינגעטיילט אין
זיבן קורצע קאפיטלען. דער מחבר האלט, אז ר' נחמן בראסלאווער און ר'
לוי יצחק בארדיטשעווער האָבן געעפנט א נייע עפּאָכע אין דער יידישער לי-
טעראטור. אלץ וואָס איז לכתחילה געווען פרעמד אין דער יידישער שפראך
איז איבערגעארבעט געוואָרן אין א שפראכלעכן פאָלקס-אינסטרומענט, אין
אן אינסטרומענט פון הויכער מוזיק. אין איין קאפיטל רעדט דער מחבר
ארום דעם איינפלוס פון יידיש אויף אנדערע אייראָפּעאישע שפראכן, בא-
זונדערס אויף דייטש.

די לעצטע דריי קאפיטלען זיינען געווידמעט דער מאָדערנער יידי-
שער ליטעראטור. דאָ קומען די איבערזעצונגען פון יעקב גלאטשטיין,
משה-לייב האלפערן, לייב קוויטקאָ, פרץ מארקיש, א.סוצקעווער און רייזל
זשיכלינסקי און די כאראקטעריזירונגען פון יעדן דיכטער באזונדער.

דער מחבר האלט, אז די יידישע ליריק איז איינע פון די שענסטע
און הארציקסטע אין דער וועלט. קיין שום אנדער ליריה האָט נישט אזוי
פיל לידער וועגן טאטע-מאמע, אזוי פיל פאָלקס-לידער וואָס זיינען וויג-
און מאמע-לידער („פאָלקס שטימע", 28סטן אָקט' 1967).

## 127 פארגרעסערטער אינטערעס אין דער פאָרשונג פון יידיש אין דייטשלאנד

דער דייטש-יידישער זשורנאל „גערמאניא יודאיקא" וואָס ווערט
ארויסגעגעבן פון דער „קעלנער ביבליאָטעק צור געשיכטע דאָס דויטשען
יודענטום", אינפאָרמירט (אין העפט נ"ר 413 פון 1967), אז „אין דער
פאָרשונג פון גערמאניסטיק האָט זיך אין לעצטן יאָרצענדליק אָנגעהויבן

א סיסטעמאטישע באשעפטיקונג מיט ייִדיש״. עדווין הילבורג שרײַבט אין זײַן ארטיקל װעגן עטלעכע דײַטשע ביכער אין שטח פון דער ייִדישער שפּראַך־פֿאָרשונג װאָס זײַנען דערשינען לעצטנס. ער האלט, אז די פֿאָרשונג פון ייִדיש האט געקענט אזוי לאנג פארנאכלעסיקט װערן אין דײַטשלאנד בלויז צוליב דער מניעה װאָס די שפּראַך־פֿאָרשערס האָבן נישט געקענט דעם ייִדיש־העברעיִשן אלף־בית.

די ביכער װעגן װעלכע הילבורג שרײַבט זײַנען: „װעסט־ייִדישער שפּראַך־אטלאס״ פון פראנץ בעראנעק; „שריפט צור ייִדישער שפּראַכע״, א פאקסימיליע פון אויסגאבעס פון 1733, 1736 און 1750 פון עטלעכע מחברים, מיט אן אײַנפֿירװאָרט און הערות פון האנס פעטער אלטהאוז.

דער לעצטער העפט פון 1967 און העפט אײנס 1968 פון „גערמאניא יודאיקא״ זײַנען אינגאנצן געװידמעט דער ייִדישער שפּראַך. אויף העכער 50 צװײשפּאלטיקע זײַטן װערט געגעבן א גוט דאָקומענטירטער. װיסנשאפטלעך באארבעטער איבערבליק פון דער געשיכטע פון ייִדיש, ידיעות װעגן ייִדישער ביבליאָגראפיע און ביבליאָטעקן, ייִדישער פּרעסע, ליטעראַטור אאז״װ. די ידיעות נעמען ארײַן די סאמע לעצטע געשעענישן אין שטח פון ייִדיש־שאפונג. די צײַטשריפט רעכנט אויך אויס און גיט די אדרעסן פון די װיכטיקסטע זאמלונגען פון ייִדישע ביכער און מאנוסקריפּטן אין צענטראל־ און מערב־אײראָפּע; צװישן זײ געפינען זיך: „ביבליאָטעקא ראָזענטאַליאנא״ אין אמסטערדאם; די ראטשילד־אָפּטײלונג אין דער „מלוכה־ און אוניװערזיטעט־ביבליאָטעק״ אין פראנקפורט בײַם מײַן; „גערמאניא יודאיקא״; קעלנער ביבליאָטעק צור געשיכטע דאָס דויטשען יודענטום״; „ביבליאָטעקא יודאיקא סימאָנסעניאנא״ אין דער קעניגלעכער ביבליאָטעק אין קאָפּענהאגן; „שטאטסביבליאָטעק דער שטיפטונג פּרויסישער קולטור־בעזיץ״ אין מארבורג; „בײַערישע שטאטסביבליאָטעק״ אין מינכן; די אָפּטײלונג פון מזרחדיקע געדרוקטע ביכער און מאנוסקריפּטן בײַם בריטישן מוזעום.

לסוף קומט א רשימה פון אוניװערסיטעטן װאו עס זײַנען אין די לעצטע עטלעכע יאָר פאָרגעקומען סעמינארן און רעפעראטן אויפן געביט פון „ייִדיסטיק״, און די נעמען פון די פאָרטרעגער;

אמסטערדאם – ד״ר לעאָ פוקס;
מערב־בערלין – ד״ר זיגמונד א. װאָלף;
גיסען – פּראָפ׳ ד״ר פראנץ י. בעראנעק;
האמבורג – ד״ר װאלטהער רעל;
הײַדעלבערג – ראַבינער מאקס ם. שפּרעכער;
קאָפּענהאגען – ד״ר רפאל עדעלמאן;
מאַרבורג אם לאהן – דאָצענט ד״ר יוסף װײַסבערג און ד״ר האנס פעטער אלטהאוז;
מינכען – ד״ר אָטטאָ פ. בעסט.

<u>128</u> א מאמר פון ראַבײַ עמנואל גאָלדסמיט װאָס איז דערשינען מיט א צײַט צוריק אין ניו־יאָרקער „רעקאָנסטרוקשאָניסט״ איז לעצטנס איבערגעדרוקט געװאָרן אין עטלעכע ענגליש־ייִדישע צײַטונגען אין אמעריקע.

ראַבײַ גאָלדסמיט שרײַבט:

– דער אמעריקאנער ייִדישער ציבור איז ממשיך זײַנע טעטיקײַטן אין די אָרגאניזאציעס, סינאַגאָגעס און שולן – װי ייִדיש װאָלט קײן מאל נישט עקזיסטירט. מיר מײַדן אויס בכיװן צו געניסן פון די

װײנען פון ײדישער פראָזע און פאָעזיע װאָס קענען טאָן
אזוי פיל צו נערן די האָפענונגען און דעם זעלבסט-
רעספעקט פון אונדזער פאָלק. עס קען ניט זײן קײן
װידערגעבורט פון ײדיש אין אונדזער תקופה אָן דרך-
ארץ פאר ײדיש. די טענה, אז ײדיש „שטארבט אָפ״ און
פארדינט דערפאר נישט קײן אויפמערקזאמקײט איז אלײן-
אָפנארעריש. עס איז נישט פאראן קײן אספעקט פון
ײדישקײט װאָס זאָל באמת אויפטאָן א סך מער. דער ײדיש-
סעקטאָר איז נאָך אלץ די שעפערישע ײדישע גרופע אין
אמעריקע. אַן אנגעזעענער אמעריקאנער ראבײ און מחבר
האָט באמערקט, אז עס װאָלט ניט געהאט קײן זינען צו
שטיצן דאָס לערנען פון דער ײדיש-קולטור װײל דאָס
אמעריקאנער ײדנטום װעט נישט װערן ײדיש-רעדנדיק אין
די נאָענטסטע פופציק יאָר. לויט דעם דאָזיקן צוגאנג
פטרן מיר אונדזער צײט װען מיר פירן אײן דאָס לערנען
פון יעדן אנדערן ײדישן לימוד. די מעגלעכקײט, אז
דאָס אמעריקאנער ײדנטום װעט באשטײן פון לומדים פון
תנך און תלמוד - זעט אויך אוים זײער װײט.

## איבערזעצונגען פון ייִדיש אין אנדערע שפּראַכן

### 129 רוסיש און אנדערע שפּראַכן פון סאָוועטן־פאַרבאַנד

מיט 10 יאָר צוריק איז אראָפּגענומען געוואָרן דער פאַרבאָט צו דרוקן ייִדישע ביכער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אָבער שוין נאָך דעם ווי דער פאַרבאָט איז בטול געוואָרן זײַנען דערשינען בסך־הכל א צוויי טוץ ייִדישע ביכער, — אין דורכשניט צוויי ביכער א יאָר.

עס זײַנען פאַראַן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד צענדליקער טויזנטער ייִדן וואָס זײַנען אויסגעהונגערט נאָך א ייִדיש וואָרט, עס זײַנען פאַראַן העכער הונדערט פּראָפעסיאָנעלע ייִדישע שרײַבערס, א סך פון זיי זייער טאלענטירטע, אָבער זעלטן ווער האָט די זכיה צו זען זײַנס א שאַפונג צווישן די טאָוולען פון א בוך. די שרײַבערס הערן אָבער ניט אויף צו שרײַבן; א צאָל ווערק ווערן אָפּגעדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד" אָדער אין לינקע פּעריאָדישע שריפטן אין אויסלאַנד, א גרעסערע צאָל שאַפונגען ווערט איבערגעזעצט אויף אַנדערע שפּראַכן. באַקומט זיך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד א טשיקאַווע דערשײַנונג. א צאָל ביכער איבערגעזעצט פון ייִדיש וואָס זײַנען קיין מאָל אין זייער ייִדישן אָריגינאַל ניט אַרויס אין בוכפאָרעם. עס זײַנען דאָ די ייִדישע שרײַבערס און דער לייען־מאַרק, אָבער נישט די ביכער אין דער פאָרעם און אין דעם לשון אין וועלכן דער מחבר האָט זיי געשאַפן.

מיר גיבן דאָ א קליינע רשימה פון די ביכער אַרויסגעגעבענע און גרייט צום דרוק וואָס זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן פון ייִדיש אויף רוסיש:

<u>איציק קיפּניס</u>, „צום לעבן", דערציילונגען. דאָ נישט־לאַנג צוריק איז דער שרײַבער אַלט געוואָרן זיבעציק יאָר. איציק קיפּניס איז איינער פון די אָנהייבערס פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אין דעם נייעם בוך פון איציק קיפּניס זײַנען אײַנגעשלאָסן דערציילונגען, אָנגעשריבענע אין פאַרשידענע פּעריאָדן פון זײַן שרײַבערישן וועג.

<u>יוסף ראַבין</u>, „באַם ניעמאַן", אינעם ראָמאַן איז באַשריבן דאָס יאָרצענדליק ערב דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

<u>עליע גאָרדאָן</u>, „אין אייגענע קאַנטן", דערציילונגען און נאָוועלן. דעם קומענדיקן יאָר ווערט דער שרײַבער א בן־ששים. ער איז באַקאַנט מיטן ראָמאַן „אינגול־באַיאַר" און מיט פילצאָליקע דערציילונגען אויף דאָרפישע טעמעס.

אין גאָרדאָנס נײַעם בוך זײַנען אײַנגעשלאָסן: דער ראָמאַן „דריי ברידער", די דערציילונג „דעם גענעראַלס מאַמע" און א ריי אַנדערע.

<u>דוד האָפּשטיין</u>, „אויסגעוויילטע לידער". אין דער זאַמלונג פון

באַרימטן סאָוועטישן דיכטער גייען אַריין אַלע זיינע חיכטיקסטע ווערק, וואָס זענען דערשינען אין פאַרשידענע ציטן.

שיקע דריז, לידער. די נייע זאַמלונג איז: אַ היפשער סך־הכל פונעם דיכטערס רייכער ליטעראַרישער און לעבנס־דערפאַרונג.

אין דעם זעלבן פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטיעל" (אין דער סעריע „פּאָעטן־ביבליאָטעק") ווערט געגרייט צום דרוק אַ זאַמלונג לידער און פּאָעמעס פון פרץ מאַרקיש מיט אַ גרויסן טיראַזש – 25 טויזנט עקזעמפּלאַרן.

דאָס דאָזיקע בוך איז די פולסטע אויסגאַבע פון מאַרקישעס פּאָעטישע ווערק אין אַ רוסישער איבערזעצונג. ביינאַאַנד מיט שוין פּובליקירטע ביז איצט לידער, זענען אין דער דאָזיקער זאַמלונג איינגעשלאָסן ווערק, וואָס זענען נישט באַקאַנט דעם רוסישן לייענער. צווישן זיי: קאַפּיטלען פון דער עפּאָפּייע „מלחמה". עס ווערט געגעבן דער פולער טעקסט פון דעם היסטאָרישן ראָמאַן אין פערזן „ברידער", וואָס שילדערט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון 1917 און דעם בירגער־קריג.

די לידער פון פרץ מאַרקיש זענען איבערגעזעצט פון די גרויסע דיכטער אַנאַ אַכמאַטאָוואַ, פּ. אַנטאָקאָלסקי, ע. באַגריצקי א"א.

נאַטאַן זאַבאַראַ, אַ ראָמאַן וואָס איז געווידמעט דער נאָכמלחמהדיקער ציט. אַ היפשע צייט האָט דער שרייבער פאַרבראַכט אין דייטשלאַנד. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו מאָלן אַ ברייטע פּאַנאָראַמע פונעם נאָכמלחמהדיקן דייטשלאַנד.

יחיאל פאַליקמאַן, „דער שוואַרצער ווינט", ראָמאַן געווידמעט דעם לעצטן קריג. דאָס איז אַ פאָרזעצונג פון פריערדיקן ראָמאַן פונעם מחבר – „די פאַראורטיילטע נעמען זיך פאַרן געווער".

רחל בוימוואָל, לידער־זאַמלונג. די דיכטערין האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין די קינדער־יאָרן.

מישע לעוו, „ווען ניט די פריינט מיינע", דערציילונגען. די געשעענישן, וואָס זענען באַשריבן אין אָט דעם בוך, זענען פאַרבונדן מיטן לעבן פונעם מחבר גופא. מ. לעוו געהערט צום דור סאָוועטישע יידישע שרייבער, וועלכער איז געקומען אין דער ליטעראַטור נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אין דער רוסישער איבערזעצונג דאַרפן אויך דערשיינען ביכער פון די יידישע שרייבערס: ש. גאָרדאָן, טביה גען, חיים מאַלעמוד, מאָטל גרוביאַן, לייב קוויטקאָ.

אין קיעוו איז אַרויס די איבערזעצונג פון הערש פּאָליאַנקערס ראָמאַן „דער בעקער פון קאָלאָמייע" וואָס האָט זיך געדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד". דער מאָסקווער פאַרלאַג „קינסטלערישע ליטעראַטור" דאַרף אַרויסגעבן אַ נייע פילבענדיקע אויסגאַבע פון שלום־עליכעמס ווערק. אַ פירבענדיקע אויסגאַבע פון שלום־עליכעמס ווערק דאַרף אויך דערשיינען אין אוקראַיניש. לייב קוויטקאָס לידער .(דאָס רוב פאַר קינדער) זיינען ביז איצט דערשינען אין איבערזעצונג אויף 36 שפּראַכן פון די פעלקער וואָס

וואוינען אין סאוועטן-פארבאנד.

היינטיקן יאר דארפן ארויסגיין נאך צוויי קינדער-זאמלונגען אין אן אויפלאגע פון איבער 2 מיליאן. חוץ דעם דארף אין מערץ 1968 דערשיינען די רוסישע איבערזעצונג פון קוויטקאס פאעמע „יונגע יארן".

## 130 __אויף העברעיש__

עס מערט זיך בסדר די צאל ביכער איבערגעזעצט פון יידיש אויף העברעיש.

אין תל-אביבער פרץ-פארלאג איז דערשינען אן אפקלייב פון __לאמעד שאפיראס__ דערציילונגען, מיט א ליטעראטור-קריטישער הקדמה פון יידישן שרייבער ישעיה שפיגעל און ביאגראפישע נאטיצן פון ש. מילער. דער איבערזעצער פון די דערציילונגען איז נפתלי גינתון. ער האט אויך געשריבן דעם נאכווארט.

עס איז ארויס אין פרץ-פארלאג (מיט דער הילף פון דער ליפ-קאנער לאנדסמאנשאפט) א באנד דערציילונגען פון __משה אלטמאן__. דער איבערזעצער איז דער העברעישער דיכטער און קריטיקער ק.א. ברתיני. משה אלטמאן, איינער פון דער טאלאנטפולער גרופע בעסאראבער יידישע שרייבערס געפינט זיך איצט אין סאוועטן-פארבאנד. אין בוך זיינען דא צוויי קריטישע עסייען וועגן מחבר, איינער פונעם איבערזעצער, דעם צווייטן עסיי האט אנגעשריבן ד"ר שלמה ביקל. א באנד לידער פון __יעקב שטערנ-בערג__ איז ארויס אין פארלאג פון „אירגון יוצאי ליפקאן". די לידער זיינען איבערגעזעצט געווארן פון עטלעכע פאעטן און רעדאקטירט געווארן פון ישראלדיקן פאעט א.פען. דעם אריינפיר צום בוך האט אנגעשריבן דער סאוועטיש-יידישער דיכטער פון קעשענעוו מאטל סאקציער. שטערנבערג געפינט זיך היינט אין מאסקווע.

אין פארלאג „מסדה" איז דערשינען א באנד קינדער-לידער פון סאוועטיש-יידישן דיכטער לייב קוויטקא אין דער איבערזעצונג פון א צאל העברעישע פאעטן. דער נאמען פון בוך איז „אונטער דער זון".

## 131 __אויף ענגליש__

אין פארלאג פון „ייווא" איז ארויס א רשימה פון די ביכער, וואס מע האט איבערגעזעצט פון יידיש אויף ענגליש אין די יארן 1945-1967. די רשימה האט צונויפגעשטעלט דינה אבראמאוויטש, די ביבליא-טעקארין פון ייווא.

עס זיינען פארצייכנט געווארן 217 איבערזעצונגען וואס זיינען ארויס במשך פון די 22 יאר. אין דעם צייט-אפשניט זיינען ארויס אן ערך פינף מאל מער ענגלישע איבערזעצונגען פון יידיש ווי אין די פריערדיקע 22 יאר. די קוואליטעט פון די איבערזעצונגען האט זיך א סך פארבעסערט און עס ווערן שוין ארויסגעגעבן איבערזעצונגען אויך פון אנדערע געביטן פון שאפן אויסער ליטעראטור.

עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דא א סך-הכל פון דער רשימה און פון די אויספירן וואס מען קען פון זיי מאכן. דער פאראינטערע-

סירטער לײענער װעט געפינען די געזוכטע אינפארמאציע אין דער דער-
מאנטער אױסגאבע.

132 ראבײ עמנואל גאלדסמיט האט פארעפנטלעכט עטלעכע ארטיקלען
װעגן דער ניט-צעטײלבארקײט פון ײדיש און ײדישקײט, האט אױך
אפגעדרוקט א צאל ענגלישע איבערזעצונגען פון דער ײדישער פאעזיע.

אין „דזשואיש העריטעדזש" (ארגאן פון בני-ברית) װינטער-נו-
מער 1967-1968 געפינט זיך גאלדסמיטס א סעריע איבערזעצונגען פון
אהרן צײטלינס לידער. אין „דזשואיש ספעקטײטאר" אן איבערזעצונג פון
ה. לײװיקס א ליד. ראבײ גאלדסמיט האט אױך איבערגעזעצט „דאס שבח-
ליד" פון קאדיע מאלאדאװסקי. אין „רעקאנסטראקשאניסט" פון יוני 1966
איז געװען אפגעדרוקט גאלדסמיטס א גרעסערע ארבעט „יעהב גלאטשטײן דער
ײדישקײט-פאעט פון 20סטן יארהונדערט", דארט געפינען זיך אױך איבער-
זעצונגען פון יעקב גלאטשטײנס לידער.

133 די ענגלישע איבערזעצונג פון מארק שאגאלס „מײן מוטער" איז
געװען געדרוקט אין הארבסט 1967 נומער פון „דזשואיש קװארטערלי".

134 „שײלאק און שעקספיר" פון פארשטארבענעם באװאוסטן פויליש-
ײדישן אקטיאר און טעאטראלאג אברהם מארעװסקי איז ארױס אין
ענגליש אין סײנט-לואיס, אמעריקע. דער ערשטער באנד פון מארעװסקיס
מעמוארן אונטערן נאמען „דהער ענד בעק" זײנען דערשינען אין לאנדאן
אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון יוסף לעפטװיטש.

## 135 אנדערע שפראכן

אין פאריז איז דערשינען אין א פראנצײזישער איבערזעצונג א
בוך דערצײלונגען פון שרײבער י. פינער װעגן דעם ײדישן אנטײל אין
דער פראנצײזישער װידערשטאנד-באװעגונג בעת דער היטלעריסטישער אקו-
פאציע. די איבערזעצער זײנען קלאד פערי און ראשעל ערטעל. דער
ארײנפיר איז פון פראנצײזישן שרײבער פיער פאראץ.

מאשע ראלניקס בוך „איך מוז דערצײלן" איז דערשינען אויף
שפאניש.

עס װערט איבערגעגעבן, אז דאס בוך איבערזעצונגען פון ה.
לײװיקס לידער װאס איז ארױס אין פראנצײזיש האט געמאכט א שטארקן
רושם אין די פראנצײזישע ליטעראריש קרײזן. דאס איז דאס ערשטע
בוך פון לײװיקן אין פראנצײזיש. די פאררעדע איז פון מאלער מארק
שאגאל.

עס איז ארױס אין א פראנצײזישער איבערזעצונג דאס בוך
„זיבן אין בונקער" פון ח.א. גאלדשטײן.

פרץ מארקישעס „טראט פון דורות" װעט בקרוב ארױס אין א
פראנצײזישער איבערזעצונג.

שלום-עליכמס „טביה דער מילכיקער" איז דערשינען אין א
דײטשער איבערזעצונג אין דרעזדען, מזרח-דײטשלאנד, מיט אילוסטרא-
ציעס פון ײדיש-סאװעטישן קינסטלער חנחום (אנאטאלי) קאפלאן.

# אונטערנעמונגען און צונויפקומען

## 136 מענדעלע־יאָר

כ״ג כסלו תשכ״ח, אין דעצעמבער 1967 פאלט אוים דער 50סטער יאָרצײַט נאָכן זײדן פון דער ײדישער ליטעראטור, מענדעלע מוכר־ספרים.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט פראָקלאמירט דאָס יאָר תשכ״ח (1967־1968) פארן מענדעלע־יאָר. דאָס דאָזיקע יאָר דארף גײן אונטערן צײכן פון אונדזער ערשטן קלאסיקער פון דער ײדישער ליטעראטור. מיר דארפן זײַנע װערק באזונדערס לײענען און שטודירן.

״ ״ ״

## 137 חנוכת־הבית פון שמעון דובנאָװ־הויז אין בוענאָס־אײַרעס

דעם 7טן דעצעמבער 1967 איז פאָרגעקומען דער חנוכת־הבית פון שמעון דובנאָװ־הויז אין בוענאָס־אײַרעס, ארגענטינע. די איניציאטיװ און די דורכפירונג פון פראָיעקט געהערט צום ארגענטינער אָפטײל פון אלװעלטלעכן ײדישן קולטור־קאָנגרעס.

די דערעפענונג פון שײנעם קולטור־הויז איז געװען א גרויסער יום־טוב פארן גאנצן ארגענטינער ײדנטום.

אין דער העפט מיט באגריסונגען װאָס איז ארוים לכבוד דער גע־שעעניש שרײַבן די בויערס פון הויז: „דאָס װאָס איז אָקערשט געװען א געװאגטער געדאנק, א לאָקנדיקע איניציאטיװ, איז איצט שוין א רעאליטעט: א דערגרײכונג װאָס פארדינט מען זאָל איבער איר א ברכה מאכן. דער קול־טור־קאָנגרעס גײט הײַנט אריַין אין זײַן נײַער הײם און דער ײדישער ישוב אין ארגענטינע באקומט הײַנט אין זײַן געזעלשאפטלעכן פארמעג א בנין װאָס טראָגט דעם נאָמען פון א גרויסן ײד, פון דעם קדוש שמעון דובנאָװ.

די ערשטע אין דער ײדישער װעלט זײַנען מיר װאָס האָבן אויף דעם דאָזיקן אופן געשטעלט א דענקמאָל דעם היסטאָריקער, װעלכער האָט אונדז מיט זײַן װערק װעגן דער פאָלקס־פארגאנגענהײט געװיזן דעם װעג צו דער פאָלקישער צוקונפט״.

די פראָגראם פון דער פײַערונג איז דורכגעפירט אזוי: ארגענ־טינער נאציאָנאלער הימן, התקוה און פארטיזאנער־הימן; יוסף האָרן – ארײַנפיר; יונה גאָראָדיסקי – דערעפענונג־װאָרט; יצחק יאנאסאָװיטש – א װאָרט װעגן שמעון דובנאָװ ; באגריסונגען פון פארטרעטער פון דער קהילה, װעד החינוך, ײװאָ, שרײַבער־פאראײַן, פרויען־קאָמיסיע בײַם קולטור־קאָנגרעס, אקטיאָרן־פאראײַן א״א; איבערשנײַדן די לענטעס; א לחײם.

די געבײַדע האָט פיר שטאָק, די פראָנט־זײַט איז מערסטנס פון גלאָז און ממילא איז דאָס הויז פול מיט ליכט און זון. אויפן ערשטן שטאָק

װעט זײַן א פלאץ פאר רעפעראטן און פארשידענע אונטערנעמונגען. אויפן דריטן און פערטן שטאק װעלן זײַן שטודיר־ערטער און צימערן פאר דער יוגנט.

דער גרונטשטײן פון הויז איז געלײגט געװארן דעם 5טן מײַ 1966, דעם 25סטן מײַ 1967 איז געדעקט געװארן דער דאך און מיט זיבן חדשים שפּעטער איז דאס הויז אויסגעפּארטיקט געװארן. דאס שנעלע בויען און אויספּארטיקן פון בנין איז געװארן מעגלעך א דאנק בײַשטײַערונגען פון עטלעכע רײַכע יחידים.

צו דעם חנוכת־הבית איז געקומען א זײער גרױסער עולם, הגם עס איז גראד געװען א שטארק הײסער טאג. „די פרעסע״ פון 9טן דעצעמבער 1967 שרײַבט, אז „די ײדישע קולטור״ כוחות פון גאנצן ישוב האבן זיך באטײליקט אינעם חנוכת־הבית פון שמעון דובנאװ־הויז און מאניפעסטירט זײער פרײד מיט דער גרויסער דערגרײַכונג״. באגריסונגען און אויסדרוקן פון פרײד מיט דער דערגרײַכונג פון די ארגענטינער ײדן זײַנען אויך אנגעקומען פון ײדישע ישובים און פון ײדישע שרײַבערס און קולטור־טוערס פון פארשײדענע לענדער.

אין אלע רעדעס און באגריסונגען װערט צוזאמען מיט דער פרײד אויך דערמאנט די אחריות און די שװעריקײטן װאס זײַנען פארבונדן מיטן אנפילן דעם אויפגעבױטן צענטער מיט א הויך־װערטיקן אינהאלט.

אין חודש אפריל 1968 איז פארגעקומען דער ערשטער אפענער פארום, צום אנהײב פון קולטור־זמן. עס איז געקומען א גרױסער עולם. דער שרײַבער יצחק יאנאסאװיטש האט גערעדט װעגן 75 יאר „די צוקונפט״, יוסף הארן װעגן 50 יאר „די פרעסע״ און יצחק ניבארסקי װעגן 50 יאר „יוגנטרוף״. א ליטעראריש־קינסטלערישער טײל איז אויך געװען אײַנגעשלאסן אין פראגראם.

„ „ „

## 138 דערעפענונג פון שלום־עליכם־הויז אין תל־אביב

אין תל־אביב איז פארגעקומען די פײַערלעכע דערעפענונג פונעם שלום־עליכם־הויז. דער פארװאלטער פון הויז א. ליס האט גערעדט װעגן די צילן װאס דער צענטער שטעלט זיך. אין דער ארטיסטישער פראגראם האבן זיך באטײליקט די אקטיארן פון דער „הבימה״ און די העברעיש - ײדישע קינסטלער יהושע בארטאנאװ, שמואל סעגאל, חנה ראזען און שרה יערי.

„ „ „

## 139 א באערונג־אװנט פאר שרײַבער־פּליטים אין ארגענטינע

צו באצײכענען די דאטע 15 יאר זינט עס איז אנגעקומען קײן ארגענטינע א גרופּע שרײַבערס און קינסטלער װעמען דער קולטור־קאנגרעס האט ארויסגעבראכט פון פראנקרײַך איז פארגעקומען אין בוענאס־אײַרעס א מסיבה. דער שרײַבער י. הארן האט גערעדט װעגן די אנגעקומענע שרײַבערס, זינגערס און אקטיארן װאס האבן באַרײַכערט דאס ארגענטינער ײדישע קולטור־און געזעלשאפטלעכע לעבן. א צאל פון אט די שרײַבער זײַנען אויך אײַטיװ אין קולטור־קאנגרעס און האבן געהאלפן בויען דאס שמעון דובנאװ־הויז.

„ „ „

## 140   יובל-יאָר פון א ײדישער טאָג-צײַטונג אין ארגענטינע

דעם 1טן יוני 1968 איז געװאָרן 50 יאָר װי עס דערשײַנט אין בוענאָס-אײַרעס די טאָג-צײַטונג „די פּרעסע". די אנדערע ארגענטינער טעגלעכע צײַטונג „די ײדישע צײַטונג" איז נאָך עלטער, זי דערשײַנט שױן 55 יאָר.

יוסף האָרן פון בוענאָס-אײַרעס שרײַבט װעגן דעם יובל אין „צוקונפט", יאַנואַר 1968. ער דערצײלט דאָרטן װעגן דער ײדישער פּרעסע אין ארגענטינע בכלל.

חוץ די צװײ טאָגבלעטער דערשײַנען נאָך אנדערע אױסגאַבעס, ס'רוב חודש-שריפטן: „קאָלאָניסט-קאָאָפּעראַטאָר", „די נײַע צײַט" (יעדע צװײ-װאָכן-אױסגאַבע), „אונדזער װאָרט", „אונדזער געדאַנק", „ארגענטינער מאַגאַזין", „דאָס פרײַע װאָרט", „אונדזער לעבן", „די ײדישע װעלט" און „דער שפּיגל"; א פּאָר מאָל אין יאָר דערשײַנען די אױסגאַבעס „אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער", „שריפטן"; און 4 מאָל אין יאָר דער פילאָסאָפישער זשורנאַל „דװקא". די קהילה אין בוענאָס-אײַרעס גיט ארױס א חודשלעכן בולעטין אין ײדיש און שפּאַניש.

עס דערשײַנען אין ארגענטינע עטלעכע ײדישע פּעריאָדישע אױסגאַבעס אין שפּאַניש (אָבער קײן אין טאָג-צײַטונג), צװײ אױסגאַבעס אין דײַטש און אײן חודש-זשורנאַל אין עברית. די ײדישע פּעריאָדישע שריפטן, און באַזונדער די צװײ ײדישע טאָג-צײַטונגען, זײַנען נאָך אלץ דער רוקנבײן פון ײדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ארגענטינע.

" " "

## 141   60 נומערן פון דעם זשורנאַל „דװקא"

ס'איז דערשינען דער 60סטער נומער פון זשורנאַל „דװקא" װאָס װערט ארױסגעגעבן אין בוענאָס-אײַרעס מיט דער מיטהילף פון דעם ײדישן װעלט-קאָנגרעס.

„דװקא" איז דער אײנציקער פון דעם מין ײדישער זשורנאַל אין דער װעלט. ער גיט זיך אָפּ בלױז מיט פילאָסאָפישע ענינים. במשך פון די 18 יאָר פון זײַן עקזיסטענץ האָט „דװקא" ארױסגעגעבן ספּעציעלע נומערן מיט אָפּהאַנדלונגען װעגן די װיכטיקסטע ײדישע דענקערס און אלגעמײנע און ײדישע פילאָסאָפישע שולעס. עס זײַנען, צװישן א סך אנדערע, דערשינען ספּעציעלע נומערן װעגן ברוך שפּינאָזאַ, ר' חסדאי קרשקש, אנרי בערגסאָן, באַזונדערע העפטן װעגן ספר-איוב, עקזיסטענציאַליזם, מעטאַ-פיזיק. דער 60סטער נומער איז אָפּגעגעבן פאַר דער פילאָסאָפיע פון שפּראַך.

דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון זשורנאַל איז שלמה סוסקאָװיטש. די 60 העפטן פון „דװקא" שטעלן פאָר אן ענציקלאָפּעדישע זאַמלונג פון ײדישן און אלגעמײנעם װיסן.

" " "

**142**   אָנהײב 1968, נאָך פאַר דער „אנטי-ציוניסטישער" װאַקכאַנאַליע, האָט די אָנפירערשאַפט פון װאַרשעװער פאַרלאַג „ײדיש בוך" ארױסגעגעבן א װענדונג צו די אָפּנעמער פון אירע ביכער. דאָ אונטן ברענגען מיר אן אױסצוג פון דאָרטן:

## צו אַלע לײענער פון די אויסגאַבן
## פון פאַרלאַג „ייִדיש בוך"

די דירעקציע פון פאַרלאַג „ייִדיש בוך" דריקט
אויס אַ חבֿרישן און האַרציקן יישר־כּוח די טויזנטער
איבערגעגעבענע און געטרײַע לײענער – פֿרײַנד פון
אונדזער פאַרלאַג, פאַר זײער מאַסנהאַפטן אָנטײל אין די
פײַערלעכקײטן לכּבֿוד דער 20־יאָריקער עקזיסטענץ פון
אונדזער פאַרלאַג, װעלכע זענען באַזונדערס געקומען
צום אויסדרוק אויף דער לאַנד־קאָנפֿערענץ פון די
„פרײַנד פון ייִדישן געדרוקטן װאָרט" אין װראָצלאַװ.
אין דער דאָזיקער קאָנפֿערענץ האָבן עטלעכע הונדערט
דעלעגאַטן – פאָרשטײער פון דער גאַנצער אָרגאַניזיר־
טער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקײט אין פאָלקס־פּױלן ביז
גאָר הױך אָפּגעשאַצט דעם גרױסן אויפטו פון פאַרלאַג
„ייִדיש בוך" אויפן געביט פון אַרױסגעבן, פאַרשפּרײטן
און פּאָפּולאַריזירן דאָס ייִדישע געדרוקטע װאָרט. פון
די ערשטע חדשים אָן נאָך דער באַפרײַאונג פון פּױלן
פון דער ברױן־שװאַרצער מגפה זענען ממש װי דער לע־
גענדאַרער פעניקס פון אַש אויפגעקומען צום לעבן די
האַרציק־נאָענטע קװאַדראַטע אותיות פון אונדזער מאַמע־
לשון. די קרובֿ 400 ביכער־פּאָזיציעס, װאָס זענען
דערשינען אין פאַרלאַג „ייִדיש בוך" זינט יענער צײַט
זענען געװאָרן דער װינקל־שטײן פון שפּעטערישן קולטור־
געזעלשאַפטלעכן לעבן אין באַנײַטן ייִדישן ישובֿ פון
פאָלקס־פּױלן.

" " "

## 143 פאַרבאַנד פירט אָן אַקציע פאַר ייִדיש־קלאַסן
## אין אַמעריקאַנער אוניװערסיטעטן

אין אַקאַדעמישן יאָר 1967־1968 האָט דער אנ"אַ־פאַרבאַנד פינאַנ־
סיעל געשטיצט די ייִדיש־קלאַסן װאָס זײַנען אָנגעפירט געװאָרן בײַ די בני־
ברית־הלל־פונדאַציעס אין עטלעכע װיכטיקע אַמעריקאַנער אוניװערסיטעטן.
די ייִדיש־קורסן װאָס דער פאַרבאַנד האָט געשטיצט זײַנען אָנגעפירט געװאָרן
אין האַרװאַרד־אוניװערסיטעט, ראַדקליף־קאָלעדזש, „מאַסאַטשוסעטס אינסטי־
טוט אָף טעקנאָלאָדזשי" (עם.אי.טי.), בראַנדײס אוניװערסיטעט, נאָרד־
װעסטערן־אוניװערסיטעט און אין אוניװערסיטעט אָף קאַליפאָרניאַ.

די שטיצע קומט פאָר אין ראַמען פון אַ ספּעציעל געגרינדעטער
פונדאַציע פון פאַרבאַנד און װערט געפירט מיט דער פאַרשטענדיקונג פון
דער בני־ברית־הלל־פונדאַציע. חוץ ייִדיש־קורסן פּלאַנט די פונדאַציע צו
העלפן קויפן ייִדישע ביכער און פּלאַטן פאַר די הלל־הײַזער, אויפטרעטונ־
גען פון ייִדישע שרײַבערס און קולטור־טוערס אין אוניװערסיטעטן א.אַז.װ.

" " "

## 144 אין ייִװאָ

אין די טעג פון 2טן ביז 5טן דעצעמבער, 1967 איז אין
ניו־יאָרקער ייִװאָ פאָרגעקומען אַ קאָלאָקװיום װעגן דער ראָלע פון די

יודענראטן" אינעם לעבן אין די געטאָס אונטער דער דײַטשער אָקופּאַציע.
ס'האָבן אנטײל גענומען אין קאָלאָקװיום פאָרשערס פון אויסלאַנד און
פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

– זומער 1968 האָט דער קאָלאָמביאַ־אוניװערסיטעט אין אײַנעם מיטן
"ייװאָ" אדורכגעפירט אַן אינטענסיװע 8־װאָכיקע פּראָגראַם פון ייִדיש־קורסן
א"נ פון אוריאל װײַנרײַך פאר סטודענטן פון ענגלישע מיטלשולן. די
קורסן זײַנען געװען א טײל פון דער זומער־סעסיע פון אוניװערסיטעט.

" " "

## 145 די אײַנציקע טאָכטער פון ייִדיש־פּױלישן שרײַבער אלטער קאַציזנע גיט ארויס די שריפטן פון איר פאָטער

די צײַטונג "הארץ" אין ישראל גיט איבער א ידיעה (דעם 29סטן
אָקטאָבער 1967), אַז קײַן ישראל איז געקומען שולמית ריאלה, די טאָכ־
טער פון שרײַבער אלטער קאַציזנע, א קדוש אומגעבראַכט דורך די דײַטשן
אין די חורבן־יאָרן. זײַן טאָכטער שולמית האָט נאָך דער מלחמה חתונה
געהאט מיטן איטאַליענישן אַמבאַסאַדאָר אין פּוילן. דער צװעק פון איר
קומען איז צו פאַרזיכערן דאָס דערשײַנען אין ישראל פון דרײַ בענד
פון איר פאָטערס שריפטן. דער תל־אביבער י.ל. פּרץ־פאַרלאַג האָט שוין
ארויסגעגעבן אײַן באַנד שריפטן. איר חלום, שרײַבט די צײַטונג, איז
אַז די פּיעסעס פון קאַציזנען זאָלן אויפגעפירט װערן אויף דער העברעי־
שער בינע, און זי מאַכט אָנשטרענגונגען צו געפינען א פּאַסיקן רעזשי־
סער און טרופּע.

" " "

## 146 א קולטור־אָװנט אין ניו־יאָרקער ייִדישן צענטער ("װאַי")

דעם 5טן נאָװעמבער 1967 איז פאָרגעקומען א ייִדישער קולטור־אָװנט
צו באַצײכענען דעם אָנהײב פון די שותפותדיקע ייִדישע קולטור־טעטיקײטן
פון דעם ארבעטער־רינג מיט דעם "װאַי" װאָס געפינט זיך אויף דער 92סטער
גאַס און לעקסינגטאָן עװעניו אין ניו־יאָרק. אין פּראָגראַם האָבן זיך
באַטײליקט דער פּאָעט יעקב גלאַטשטײן, די קינסטלערין מרים הרעסין מיט
דרײַ ארבעטער־רינג־כאָרן. אין די װײַטערדיקע פּראָגראַמען האָבן זיך
באַטײליקט די שרײַבערס און פּאָעטן דוד אײַנהאָרן, חוה ראָזענפאַרב, מעינקע
קאַץ, מאיר זימל טקאַטש, מ. אליצקי, רות װײַטמאַן, ראָזע גוטמאַן־יאַסני,
ראָשעל װעפּרינסקי, אליעזר גרינבערג און משה שטײַנגאַרט.

" " "

## 147 "דזשוליוס גראָס־ייִדישע ליטעראַרישע גרופּע" אין פילאַדעלפיע

אין פילאַדעלפיע האָבן קײַן מאָל נישט געפעלט קײַן קנאים פון
ייִדיש, פּריש אין זכרון איז נאָך די געשטאַלט פון אהרן פישמאַן ז"ל.
דאָרטן עקזיסטירן נאָך הײַנט ייִדישע שולן, יוגנטלעכע באַװײַזן זיך מיט
זײַערע ייִדישע פאָרשטעלונגען און עס טוט גוטע ארבעט די "ייִדישע קול־
טור־ארגאַניזאַציע".

"דער אונטערשײד צװישן אונדז און די "ייִדישע קולטור־אָרגאַני־
זאַציע", שרײַבט יעקב ריז, סעקרעטאַר פון "דזשוליוס גראָס – ייִדישע לי־
טעראַרישע גרופּע", איז װאָס מיר זײַנען ייִדישע מיסיאָנערן און װילן
דערגרײכן צו די "צען פאַרלוירענע שבטים פון ייִדיש" און זיי זײַנען
פאַראינטערעסירט אין די ייִדיש־רעדנדיקע ייִדן. בײדע גרופּעס זײַנען

וויכטיק און טוען אויף א סך פאר ייִדיש."

דער „וואי־צענטער" אויף באסטעלטאן עוועניו אין פילאדעלפיע האט באשטימט יעקב ריז פארן פארזיצער פון די ייִדישע פראגראמען אין צענטער. אין פראגראם, שבת דעם 18טן יאנואר האבן אנטייל גענומען די רעציטאטארן און ארטיסטן: חיהלע אש, ארי פורמאן, יעקב ריז, אויררווינג ראזענטאל, ריווא גאלדבערג; אין פראגראם פון 25סטן פעברואר: א רעדע פון ראביי בינין – „א ייִדיש הארץ"; דעם 23סטן מערץ – ייִדישע מוזיק, כאר־גרופעס; דעם 28סטן אפריל – א דראמאטישע פארשטעלונג „ייִדישע ליטעראטור".

דער אינטערעס פאר ייִדיש, גיט איבער י. ריז, איז שטארק געוואקסן צווישן די ענגליש־רעדנדיקע ייִדן, א דאנק די ייִדישע פראגראמען אין די צענטערס, סינאגאגעס, אויף ראדיא און טעלעוויזיע.

" " "

## 148 ענגע־בענגע

אין אפריל 1968 איז ארויס א נייער נומער פון קינדער־זשורנאל „ענגע־בענגע", גרעסער און שענער ווי דער פריערדיקער נומער.

דער מימעאגראפירטער זשורנאל ווערט ארויסגעגעבן פון א גרופע קינדער וואס האבן זיך ארגאניזירט אין א קלוב „ענגע־בענגע" אין דער געגנט פון בראנקס, ניו־יארק. די קינדער, די מערסטע פון זיי אין עלטער פון 8–11 יאר, קומען זיך צונויף פון צייט צו צייט, רעדן און שפילן זיך אין ייִדיש, מאכן אויספלוגן און באזוכן, און גיבן ארויס, מיט דער הילף פון זייערע עלטערן, באקאנטע ייִדישע וויסנשאפטלער און קולטור־טוערס אַן איינגענעם פעריאדישן זשורנאלכל, וואס איז אין דער גאנצער וועלט אוודאי די איינציקע ייִדישע קינדער־צייטונג פון דעם מין, ארויסגעגעבן נישט בלויז פאַר נאר אויך <u>פון</u> קינדער.

" " "

## 148א ביבליאגראפיע פון יעקב פאט'ס שריפטשטעלערישער טעטיקייט

אין די ראמען פון א גרעסערער ארבעט וועגן יעקב פאט און זיין פילזייטיקער טעטיקייט אין ייִדישן געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן לעבן במשך פון 50 יאר איז איצט דערשינען א ביבליאגראפישע רשימה פון זיין שריפטשטעלערישער טעטיקייט אין פוילן (1921–1939).

די רשימה נעמט ארום 1525 ביכער, בראשורן, דערציילונגען, עסייען, צייטונג־ארטיקלען אד"גל, איינגעטיילט אין 14 קאטעגאריעס (בעלעטריסטיק, ליטעראטור־קריטיק, שול, קינדער־ליטעראטור, בונדיזם, ציוניזם, פרומע ייִדישקייט, רייזעס אא"וו).

די ארבעט איז צוגעגרייט געווארן דורך ד"ר עמנואל פאט, וועלכער האט אויך אן איינפיר־ווארט וועגן דער געזעלשאפטלעכער און שרייבערישער ארבעט פון זיין פאטער.

" " "
" "

## פּרעמיעס און סטיפּענדיעס

**149**

### אפרים אויערבאך און מלך ראַוויטש געווינערס
### פון דער ה. לייוויק־פּרעמיע
### ביים ייִדישן קולטור־קאָנגרעס

מאָנטיק, דעם 23סטן אָקטאָבער 1967, האָט אַן עלעקטאָרן־ראַט וואָס איז באַשטאַנען פון 31 ייִדישע שרייבערס, געלערנטע, פּעדאַגאָגן און קולטור־טוערס צוגעטיילט, נאָך א געהיימער אָפּשטימונג, די ה. לייוויק־פּרעמיע פאַרן יאָר 1967 די באַרימטע ייִדישע פּאָעטן און פּובליציסטן אפרים אויערבאך און מלך ראַוויטש. די פּרעמיע פון 1000$ ווערט הײַ־יאָר אויסגעטיילט צום 5טן מאָל.

חיים בעז, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון קולטור־קאָנגרעס, האָט אין זײַן אַרייַנפיר־וואָרט דערמאָנט די ביז איצטיקע געווינערס – די פּאָעטן איציק מאַנגער, י.י. שוואַרץ, יעקב גלאַטשטיין און דעם פאַרשטאָרבענעם א. גלאַנץ־לעיעלעס. דער פּאָעט אליעזר גרינבערג האָט געהאַלטן א פאַר־טראַג וועגן ה. לייוויקן און געשילדערט זיין אייגנאַרטיקע ראָלע און זיינע פאַרדינסטן פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור. די דיכטערס לייב פיינבערג און ישראל עמיאָט האָבן געליינט צוויי לידער פון ה. לייוויק.

אין הסכם מיטן סטאַטוט פון דעם ה. לייוויק־פאָנד איז די קאַנדי־דאַטן־רשימה פאַר דער פּרעמיע באַשטאַנען פון 11 שרייבערס. נאָך עטלעכע עלימינאַציע־אָפּשטימונגען האָט דער רעזולטאַט פון דער לעצטער געהיימער אָפּשטימונג געגעבן א גלײַכע צאָל שטימען די פּאָעטן אפרים אויערבאך און מלך ראַוויטש.

אין די אָפּשטימונגען און אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטיי־ליקט: דינה אבראַמאָוויטש, ה.א. אבראַמסאָן, ח. אַיאַלטי, א. אַלפּערין, ש. אַפּטער, ד״ר י.ס. בידערמאַן, פּאָול גאָלדמאַן, ש. גוטמאַן, י. גליס־סאָן, א. גרינבערג, י.ש. הערץ, ד״ר גרשון חײַנער, ש. חײַם, שמעון וועבער, י. זילבערבערג, ש.ד. זינגער, מ.ז. טקאַטש, ישעיה טרונק, י. לאַנדאַו, י. מלאָטעק, ד״ר נ. סווערדלין, י. סטאָלאַרסקי, י. עמיאָט, מ. פּערענסאָן, ל. פײַנבערג, ד״ר י. פישמאַן, ח.ש. קאַזדאַן, מ. ראָזענ־שטיין, ל. רובינשטיין, ד״ר א. שולמאַן, משה שטאַרקמאַן.

דעם 19טן נאָוועמבער 1967 איז זיך צונויפגעקומען אַן עולם פון אַרום 600 ייִדישע שרייבערס, קינסטלערס און קולטור־טוערס וואָס האָבן ביי א באַנקעט געפייערט דעם 20סטן יובל־יאָר פון דער עקזיסטענץ פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס און דאָס אויסטיילן די ה. לייוויק־פּרעמיע.

א. אַלפּערין, פאָרזיצער פון דער הײַ־יאָריקער זשורי פון דער פּרע־מיע האָט איבערגעגעבן און באַגרינדעט דעם באַשלוס פון עלעקטאָרן־ראַט וועגן אויסטיילן די צוויי פּרעמיעס. עס האָבן גערעדט און באַגריסט: דער עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון קולטור־קאָנגרעס חיים בעז, און אין נאָמען פון י.ל. פּרץ שרײַבער־פאַראיין און ייִדישן פּען־צענטער שמעון וועבער און לייב פײַנבערג. וועגן די פּראָבלעמען פון דער ייִדישער ליטעראַטור האָט געהאַלטן

א פאָרטראג דער דיכטער יעקב גלאטשטײן. ער האָט אויסגעדריקט די מײנונג, אז עס פעלט אין דער ײדישער ליטעראטור דער אימפעט פון דער הײַנטיקער תקופה, די צײט־מאָטיװן און די ענגע פארקניפונג מיטן איצטיקן לעבן.

דאָס שלום־װאָרט האָלט דער פרעמירטער דיכטער אפרים אויערבאַך װאָס זײַן 75סטער געבוירנטאָג װערט איצט געפײַערט. ער רעדט װעגן זײַן קינסטלערישן װעג אין דער ײדישער ליטעראטור און װעגן דער שליחות װאָס א ײדישער שרײַבער דארף דערפילן אין אלע צײַטן. ער האָט פארענדיקט מיט לײענען זײַן פאָעטישע שאפונג געװידמעט ה. לײװיקן, אין קינסטלערישן טײל איז אויפגעטראָטן די זינגערין שרה פערשקאָ, באַגלײט בײ דער פיאנאָ פון חײם פערשקאָ אין א פראָגראם פון לידער פון ה. לײװיק, געבירטיק און אנדערע דיכטער.

" " "

## 150 ליטעראטור־פרעמיעס פון ײדישן קולטור־קאָנגרעס

די זשורים פון דעם לאָניע און פישל בימקאָ־ליטעראַטור־פאָנד און פון דעם סטיפענדיע־פאָנד פאר דער ײדישער ליטעראטור א"נ פון קארל ראָטמאַן האָבן באַשטימט די הײַ־יאָריקע געװינערס: די שרײַבערס און פאָעטן רײזל זשיכלינסקי, יוסף פאַפּיערניקאָװ, ד"ר יעקב מײטלים (לאָנדאָן) און יחזקאל קײטעלמאַן.

שבת, דעם 22סטן יוני 1968, איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק א ליטעראַריש־קינסטלערישער אָװנט לכבוד דער אויסטײלונג פון די פרעמיעס און סטיפענדיעס.

" " "

## 151 צװײ נײַע סטיפענדיע־פאָנדן פאר ײדישע שרײַבערס עטאַבלירט בײם "ציקאָ"־פארלאג

דער "דוד פעלדמאַן־פאָנד" װעט ארויסגעבן א סטיפענדיע פון $500. דער פאָנד איז עטאַבלירט געװאָרן דורך דעם ײדישן קינסטלער מאַקס פרימאַן און זײַן מוטער הענריעטאַ, צום 15טן יאָרצײט פון פאָטער און מאַן.

דער "אברהם קיהן־פאָנד" װעט ארויסגעבן א סטיפענדיע פון $250 צום אָנדענק פון דעם נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם רעדאַקטאָר פון דער ײדישער ענציקלאָפעדיע. די סטיפענדיע האָט אײַנגעשטעלט די אלמנה רבקה קיהן.

בײדע סטיפענדיעס װעלן ארויסגעגעבן װערן פאר ביכער עסײען, קריטיק, מחשבה אד"גל. צו א מער פארנעמיקן בוך װעט אנגעװענדעט װערן די גרעסערע סטיפענדיע.

" " "

## 152 ערן־דאָקטאָראַט פאר יודל מארק

יודל מארק, שרײַבער און פעדאגאָג, רעדאַקטאָר פון "גרויסן װערטערבוך פון דער ײדישער שפראַך" איז אין חודש יוני 1968 באַערט געװאָרן מיט אַן ערן־דאָקטאָראַט פון "היברו קאָלעדזש" אין באַלטימאָר.

" " "

**153** <u>ייִדישער ליטעראַרישער פּרעמיע־פאָנד<br>ווערט פּראָיעקטירט אין קאַנאַדע</u>

עס ווערן געזאַמלט געלט־צוזאָגן און עס ווערן געמאַכט צוגרייטונגען צו שאַפן אין קאַנאַדע א פּרעמיע־פאָנד אויפן מוסטער פון ה. לייוויק־פאָנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן. עס ווערן פּראָיעקטירט דרײַ יערלעכע פּרעמיעס צו 500$. דער פאָנד וועט טראָגן דעם נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם גרויסן קאַנאַדער ייִדישן דיכטער י.י. סיגאַל. מער פּרטים וועגן פאָנד וועלן דערוואַרט.

״ ״ ״

**154** <u>רחל האַלצער-געווינערין פון „יעקב ווײַסליץ־פאָנד״<br>אין אויסטראַליע</u>

דער עלעקטאָרן־ראַט פון „יעקב ווײַסליץ־פאָנד״ האָט צוגעטײַלט די ערשטע פּרעמיע פון ערשט געשאַפענעם פאָנד צו דער בינע־און וואָרט־קינסטלערין רחל האָלצער וואָס וואוינט אין אויסטראַליע.

דער פאָרזיצער פון ראַט א. צימערמאַן האָט אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס אַזאַ פאָנד איז געגרינדעט געוואָרן אין אויסטראַליע. דער פאָנד טראָגט דעם נאָמען פון גרויסן ייִדישן קינסטלער יעקב ווײַסליץ וואָס איז געשטאָרבן אין מעלבורן אין 1966. די יערלעכע פּרעמיע באַטרעפט 300 אויסטראַלישע דאָלער.

״ ״ ״

**155** דער שרײַבער יעקב כּהן פון ניו־יאָרק האָט באַקומען א סטיפּענדיע (פעלאָושיפּ) ־ 1200$ פון „מעמאָריאַל פאָנד־פאַר ייִדישער קולטור״ אויף אַרויסצוגעבן זײַנעם א בוך.

״ ״ ״

**156** די אלמנה, פרוי טויבעלע גאַנאַפּאָלסקי (פּאַריז) האָט געגרינדעט א יערלעכן ליטעראַטור־פּריז אין דער הויך פון 2500 פראַנצייזישע פראַנקס אויפן נאָמען פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, דעם עסקן זכריה גאַנאַפּאָלסקי ע״ה.

דער ערשטער פּריז וועט צוגעטײַלט ווערן פאַר א בוך אין ייִדיש וואָס איז דערשינען אין 1966 אין איינער פון די מערב־אייראָפּעישע לענדער אָדער אין ישׂראל.

״ ״ ״

**157** די פרײַנד פון ייִדישן קולטור־טוער און נדבן ה.א. אבראַמסאָן האָבן געשאַפן א פאָנד פון צען טויזנט דאָלער. פון פאָנד וועט געגעבן ווערן א יערלעכער פּריז צו א יחיד אָדער אינסטיטוציע פאַר פאַרדינסטן לטובת דערציאונג אין ייִדיש.

158 בשײכות מיט שלום-עליכמס 50סטער יאָרצײַט האָט די בוענאָס-
 אײַרעסער קהילה פאַרטײלט פּרעמיעס פאַר די געװינערס פון דעם
שלום-עליכם-קאָנקורס.

די ערשטע פּרעמיע - 35 טויזנט פּעזאָס האָט באַקומען א 16-יאָרי-
קער תלמיד פון לערער-סעמינאַר אברהם-חײם נאַכערשטערן און די צװײטע
פּרעמיע - 15 טויזנט פּעזאָס האָט באַקומען די 24-יאָריקע לערערין
העניע מילײניק.

" " "
" "

# טעאַטער, מוזיק, טעלעוויזיע

## 159 „פּרינץ ראובני" ביַי דער ניו־יאָרקער „פֿאָלקסבינע"

די דראַמע „פּרינץ ראובני" פֿון דוד בערגעלסאָן וואָס די ניו־יאָרקער „פֿאָלקסבינע" האָט אויפֿגעפֿירט אין טעאַטער־סעזאָן 1967־1968 איז זייער געפֿעלן דעם ניו־יאָרקער ייִדישן טעאַטער־עולם און די טעאַ־טער־קריטיקערס. לויט דער מיינונג פֿון טעאַטער־מבֿינים איז די פֿאָר־שטעלונג „פּרינץ ראובני" און די פֿאָרשטעלונגען פֿון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער געווען די חשובֿסטע ייִדישע טעאַטער־אויפֿפֿירונגען אין דעם סעזאָן. אין דער אויפֿפֿירונג פֿון דער „פֿאָלקסבינע" האָבן אנטייל גע־נומען עטלעכע באַקאַנטע ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע אַקטיאָרן און אַ גרופּע דערפֿאַרענע און טאַלאַנטירטע אַמאַטאָרן (זיי שפּילן אין דער „פֿאָלקסבינע" שוין לאַנגע יאָרן).

רעזשיסירט און באַאַרבעט די דראַמע האָט דוד ליכט, מוזיק פֿון לאַזאַר ווײַנער, דעקאָראַציעס פֿון הערי ראָום און קאָסטיומען פֿון ראָ־בערט דע־גאַרא. די דעקאָראַציעס און קאָסטיומען זיינען געוואָרן צוגע־גרייט מיט אַ סך מי און גוטן געשמאַק.

" " "

## 160 וואַרשעווער ייִדישער טעאַטער אין ניו־יאָרק

די אויפֿפֿירונגען פֿון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אידאַ קאַמינסקאַ האָבן אַרויסגערופֿן גרויס אינטערעס און זיינען באַזוכט געוואָרן, ווי מען שאַצט, פֿון אַן ערך 60 טויזנט מענטשן. עס זיינען אויפֿגעפֿירט געוואָרן די פּיעסעס „מירעלע אפֿרת" פֿון יעקבֿ גאָרדין און „מוטער קוראַזש" פֿון בערטאָלד ברעכט. פֿאַר אַ סך ייִדן און ניט־ייִדן איז געווען ממש אַן אַנטפּלעקונג, אַז עס עקזיסטירט אין דער וועלט אַ פּראָפֿעסיאָנאַלער ייִדישער טעאַטער פֿון אַזאַ קינסטלערישן ניוואָ. די אויפֿפֿירונגען פֿון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער האָבן באַוויזן, אַז אויב עס וואָלטן נאָר געווען די געהעריקע באַדינגונגען וואָלטן זיך אויך אָפּגעזוכט גענוג ייִדישע טאַלאַנטירטע אַקטיאָרן און אויך גענוג טעאַטער־גייערס אויפֿצוהאַלטן אַ גוטן ייִדישן טעאַטער.

עס זיינען פֿאָרגעקומען אין ניו־יאָרק עטלעכע באַגעגענישן און באַנקעטן לכּבֿוד דער וואַרשעווער טעאַטער־גרופּע. דער ניו־יאָרקער ייִדי־שער אַקטיאָרן־פֿאַרבאַנד, צוזאַמען מיטן קאָמיטעט פֿאַרן „לעקסיקאָן פֿון ייִדישן טעאַטער" האָט אַראַנזשירט אַ גוט־באַזוכטן באַנקעט. אויך דער ייִדישער לערער־סעמינאַר האָט דורכגעפֿירט אַ מסיבה לכּבֿוד דער וואַרשע־ווער טעאַטער־גרופּע.

" " "

## 161 דער ייִדישער טעאַטער אין רומעניע

דאָס ייִדישע קולטור-לעבן אין רומעניע אין דער ייִדישער שפּראַך
איז איצט גאַנץ אָרעם, הגם די רומענישע רעגירונג מאַכט נישט קיין שטע-
רונגען און גיט אויך מאַטעריעלע שטיצע פאַר די טעטיקייטן. נאָך דער
מלחמה זיינען די געדיכט-ייִדישע בעסאַראַביע און צפון-בוקאָווינע אָפּגע-
ריסן געוואָרן פון רומעניע, דאָס רוב פון די לעבן-געבליבענע ייִדן האָבן
פאַרלאָזט דאָס לאַנד און די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט.

עס גייט פאָרט אַרויס פון צייט צו צייט אַ ייִדיש בוך, עס דערשיינט אַ
ייִדיש-העברעיש-רומענישע צייטשריפט, אָבער דער וויכטיקסטער אויסדרוק
פון ייִדישן קולטור-שאַפן אין רומעניע איז דער ייִדישער מלוכה-טעאַטער
אין בוקאַרעשט. רומעניע איז געווען דאָס וויגעלע פון ייִדישן טעאַטער
און עס איז אפשר נישט קיין חידוש וואָס דער ייִדישער טעאַטער איז פאַר-
בליבן די שטאַרקסטע און די לעבעדיקסטע ייִדישע קולטור-פּאָזיציע אין
דעם לאַנד.

חיים סלאָוועס, דער ייִדישער שרײַבער פון פראַנקרייך, האָט באַזוכט
רומעניע אויף דער אײַנלאַדונג פון בוקאַרעשטער ייִדישן מלוכה-טעאַטער
צו דער געלעגנהייט פון אויפפירן זיין פּיעסע פון אויפשטאַנד אין וואַר-
שעווער געטאָ „צען ברידער זיינען מיר געווען". אין אינטערוויו וואָס
איז איבערגעגעבן געוואָרן אויך אין דער ייִדישער שעה פון רומענישן
ראַדיאָ דעם 6טן מײַ 1968, האָט סלאָוועס צו"אַ געזאָגט: „דאָ האָב איך
געטראָפן אַ נייע אויפפירונג סײַ אין דער אינטערפּרעטירונג, סײַ אין
דער רעזשיסערישער וויזיע".

עס האָט זיך לעצטנס אָנגעהויבן אין בוקאַרעשטער ייִדישן טעאַטער
דאָס אײַנשטודירן פון י.ל. ברוקשטיינס פּיעסע „בעל שם", דער רעזשיסער
איז זשאַרזש טעדאָרעסקו און די הויפּט-ראָלעװעט שפּילן שמואל פישלער.

דעם 20סטן מיי 1968 איז דער טעאַטער-אַנסאַמבל אַרויסגעפאָרן
אויף אַ 16-טאָגיקן טורניר איבער מאָלדאַוויע און דרום-בוקאָווינע מיט
ם. ריפּעלס מוזיקאַלישער פּיעסע „גליקזוכער". בעת די טרופּע וועט זײַן
אויף דער נסיעה וועלן אין בוקאַרעשטער טעאַטער פאָרקומען די געווײנלע-
כע ליטעראַרישע פּרימאָרגנס וועגן דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער און
ייִדישער פּאָעזיע.

" " "

## 162 אין סאָוועטן-פאַרבאַנד

אין סאָוועטן-פאַרבאַנד עקזיסטירט ניט, ווי באַוואוסט, קיין רעגו-
לערער ייִדישער טעאַטער, הגם העכער 400 טויזנט ייִדן האָבן אין 1959
אָנגעגעבן ייִדיש ווי זייער מוטערשפּראַך, און אַ סך קלענער נאַציאָנאַלע
גרופּעס האָבן זייערע טעאַטערס (אין פּוילן און רומעניע וואו בלויז עט-
לעכע צענדליק טויזנט ייִדן פאַרשטייען ייִדיש זיינען יאָ דאָ ייִדישע מלוכהשע
טעאַטערן). עס עקזיסטירן אָבער און האָבן אַ גרויסן דערפאָלג עטלעכע
קלענערע גרופּעס פון פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן און זינגערס, וואָס גיבן
פאָרשטעלונגען אין פאַרשיידענע שטעט, און עטלעכע ייִדישע אַמאַטאָרן-גרופּעס
פון געזאַנג, טאַנץ און דראַמע.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין די אַמאַטאָרן-גרופּעס זיינען פאַראַן

א סך יונגנטלעכע בחורים און מײדלעך װאָס נאָך א טאָג ארבעט אָדער לער־
נען גיבן זײ אָפּ זײער צײַט און ענערגיע צו שפּילן ײדיש טעאטער און צו
זינגען א ײדיש ליד.

די סאָװעטיש־ײדישע און פּויליש־ײדישע פּרעסע גיט איבער אַזעלכע
ידיעות װעגן ײדישן טעאטער און ײדישע קאָנצערטן אין סאָװעטן־פאַרבאַנד:

> דער ײדישער מוזיקאַלישער אַנסאַמבל „פרײלעכס”
> װעלכער איז טעטיק בײַם קולטור־הויז פון די יאָװנער
> פּראָפּפאַראײנען, איז די טעג אויפגעטראָטן מיט „א
> נײַעם פּראָגראַם פון ײדישע און העברעישע פאָלקס־לי־
> דער”. דער כאָר אין װעלכן עס זינגען 80 ײדישע
> מײדלעך אונטער דער אָנפירונג פון מאשע נאַכמודי
> האָט אויפגעפירט לידער פון װעטעראַן פון קאָװנער
> ײדישן קונסט־קאָלעקטיװ, דער דיכטערין בונע גוט־
> קינד, מוזיק פון עמיל יאַנאָװסקי. באַזונדערס
> האָבן אויסגענומען בײַם פאַרזאַמלטן עולם די לידער
> „א שערעלע” און „דערמאָנונג”. צום סוף פון קאָנ־
> צערט האָט דער כאָר צוזאַמען מיט א טאַנץ־גרופּע אויפ־
> געפירט א שלום־ליד א”נ „שלום־עליכם”, װאָס איז
> דורכן פול־געפּאַקטן זאַל אויפגענומען געװאָרן מיט
> שטורמישע אָװאַציעס, דער עיקר דאָס טאַנצן פונעם
> 8־יאָריקן ײנגעלע מאַטל שײנעװיץ.

דער קאָװנער ײדישער מוזיקאַלישער אַנסאַמבל „פרײלעכס” טרעט אויף
מיט קאָנצערטן אויך אין אַנדערע שטעט פון דער ליטװישער רעפּובליק.
לעצטנס האָט ער אויפגעפירט א פאָרשטעלונג צום 25סטן יאָרטאָג פון אויפ־
שטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ, און דער כאָר, אָרקעסטער און טאַנץ־גרופּע
זײַנען אויפגעטראָטן אין דעם ספּעקטאַקל „א ײדישע חתונה”.

אין טאַלין, דער הויפּטשטאָט פון עסטלאַנד, זײַנען פאַר דער לעצטער
װעלט־מלחמה געװען גאַנץ װײניק ײדן, און ײדישע קולטור־אַקטיװיטעטן זײַ־
נען דאָרטן כמעט נישט געװען בנמצא. אויך איצט איז דאָרטן פאַראַן א
קלײנער ײדישער ישוב. אין גאַנץ עסטלאַנד געפינען זיך בלויז 5000 ײדן.
פונדעסטװעגן איז אין זומער 1965 געגרינדעט געװאָרן אין טאַלין א ײדי־
שער אַנסאַמבל. דער קאָרעספּאָנדענט פון דער װאַרשעװער „פאָלקסשטימע” שרײבט
(אין נומער פון 27סטן פעברואַר 1968): „קודם כל װאַרפט זיך אין די
אויגן די יונגקײט פון די אָנטײלנעמער, אַלע זײַנען יונג, װאָס דאָס
אַלײן איז שוין א דערפרײענדיקע דערשײַנונג װי אַן אָנזאָג פון המשך און
גאַראַנטיע פאַר א װײטערדיקער אַנטװיקלונג”.

דער טאַלינער אַנסאַמבל איז לעצטנס געקומען מיט גאַסט־אויפטריטן
קײן װילנע.

די באַרימטע ײדישע זינגערין נחמה ליפשיץ האָט לעצטנס גאַסטראָ־
לירט אין א רײ שטעט פון אוקראַינע מיט א נײַער פּראָגראַם ײדישע לידער
לויט די טעקסטן פון סאָװעטיש־ײדישע דיכטער. אין די קאָנצערטן האָט
זיך אויך באַטײליקט די ײדישע אַרטיסטין דינה רויטקאָפּ מיט פאָרלײענען
שאַפונגען פון דער ײדישער ליטעראַטור.

דער רוסישער טעאַטער־קריטיקער און דראַמאַטורג ניקאָלײַ װאָלקאָװ
שרײבט אין זײַן בוך „טעאַטראַלע אָװנטן” װאָס איז דערשינען אין מאָסקװער
פאַרלאַג „קונסט”, אַז די ײדישע אַקטריסע קלאַראַ יונג־„אַן אַקטריסע אָן
װערטער” (פאַר אים װאָס פאַרשטײט נישט קײן ײדיש) איז „אָן שום ספק פון

די בעסטע אקטריסעס פון איר צײַט״.

עס איז פאָרגעקומען אן אנדענק־אָװנט נאָך דער סאָװעטיש־ײדישער קאָמפּאָזיטאָרין רבקה באָיאַרסקאַיאַ װאָס האָט אויך געשאַפן אײגענע טעקסטן און מוזיק צו 40 זינג־לידער װאָס זײַנען אמאָל געזונגען געװאָרן אין ײדישע שולן און אויף דער בינע. עס האָבן אָנטײל גענומען אין דער ארטיסטישער פּראָגראַם אין ײדיש די זינגערין דינה פּאָטאַפּאָװסקאַיאַ, פּאָ־ליסטין פון מוזיקאלישן טעאטער א״נ פון סטאַניסלאַװסקין, און דער אָפּע־רע־זינגער פון דעם זעלביקן טעאטער מיכאַאיל מאַגיד, װאָס האָט דאָ צום ערשטן מאָל געזונגען אין ײדיש. ער גרײט צו א ספּעציעלע פּראָגראַם פון ײדישע לידער.

סאָפיאַ סײַמאָן, לאורעאט פון קאָנקורס „פאר שלום און פרײַנדשאַפט צװישן פעלקער״ איז א היפּשע צײַט אויפגעטראָטן מיט רעציטאַציעס אויף רוסיש, ענגליש און אנדערע אײראָפּעאישע שפּראַכן. זי איז געבוירן גע־װאָרן אין מאָסקװע און נישט געקענט קײן ײדיש. נאָכן באַהענען זיך און פאַרלײענען די װערק פון סאָװעטישע ײדישע דיכטערס אין רוסישער איבערזעצונג האָט זי באַשלאָסן אויסצולערנען זיך ײדיש. איצט טרעט זי אויף מיט גרויסן דערפאָלג אין ײדישע פּראָגראַמען פון רעציטאַציעס פון דער סאָװעטיש־ײדישער ליטעראַטור אין מאָסקװע, לעני נגראַד און אנדערע סאָװע־טישע שטעט.

״ ״ ״

## 163 אין טשעכאָסלאָװאַקיע

אין טשעכאָסלאָװאַקיע זײַנען פאַרבליבן נישט מער װי ארום 10 ביז 15 טויזנט ײדן, פון װעלכע דאָס רוב װאוינט אין פּראָג און אין בראַטיס־לאַװע (פּרעשבורג). די טשעכישע ײדן, להיפּוך צו די סלאָװאַקישע ײדן, זײַנען שוין פאַר דער מלחמה געװען שפּראַכלעך אסימילירט און נישט באַ־נוצט זיך מיט ײדיש.

דאָס ײדישע לעבן אין לאַנד, אויף װיפל עס איז געװען רעליגיעז, האָט עס זיך קאָנצענטרירט ארום די סינאַגאָגעס, און אויב עס האָט געהאַט א סעקולאַרן כאַראַקטער איז עס געפירט געװאָרן אָדער אין טשעכיש אָדער אין דײַטש. עס איז דערפאַר א געװיסער סורפּריז װאָס דער קלײנער ײדי־שער קיבוץ אין פּראָג װײַזט ארויס לעצטנס אן אינטערעס צו ײדיש געזאַנג און פאָלקלאָר.

עס װערט גערעכנט, אז דער טשעכישער אויסטײַטשער פון ײדישע פאָלקס־לידער און סינאַגאָגאַלער מוזיק ד״ר אלפרעד מוזשיטשקאַ האָט אויפ־גענומען אויף פּלאַטן 4 פּאָפּולערע ײדישע לידער: „האָט א ײד א װײַבעלע״, „מײַן שטעטעלע בעלז״, „רבקהלע״, „א חתונה״. װי עס גיט איבער די װאַרשעװער „פאָלקסשטימע״ (בטן פעברואַר 1968), זײַנען במשך פון עטלעכע טעג פאַרקויפט געװאָרן קנאַפּע 100 טויזנט פּלאַטעס.

אין פּראָג איז געשאַפן געװאָרן א נײַער ײדישער כאָר װאָס האָט זיך באַלד דערװאָרבן א נאָמען אין דער גאַנצער רעפּובליק.

שבת־קאָנצערטן קומען פאָר אין זאַל פון דער אלטער שפּאַנישער סינאַגאָגע, און װי די פּראַגער צײַטונג שרײַבט; „אין דער װאונדערבאַרער אטמאָספער פון דער שול קלינגען אָפּ, אין דער באַגלײטונג פון ארקעסטער פונעם פּראַגער ראַדיאָ, די טויזנטער יאָר אלטע און דאָך ביזן הײַנטי־קן טאָג נאָך אַלץ מאָדערנע טענער פון ליטורגישער מוזיק, װעלטלעכע און פאָלקסטימלעכע לידער אין ײדיש און העברעיש. די קאָנצערטן האָבן, װי מען גיט איבער, א גרויסן דערפאָלג.

״ ״ ״

## 164 טעאַטער־ און קאָנצערטן־טור פון פאַרבאַנד־טרופּע

דער ייִדיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד האָט דורכגעפירט אין סעזאָן 1967־1968 פונקט װי אין די פריערדיקע יאָרן אַ טעאַטער־ און קאָנצערטן־טור. די טרופּע האָט באַזוכט איבער זעכציק שטעט אין די פאַראײניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

די קינסטלערישע אָנפירערס פון דער טרופּע זײנען די אַקטיאָרן און זינגער בען באָנוס און מינא בערן. אין דער פּראָגראַם מיטן נאָמען „דורות זינגען" האָבן זיך באַטײליקט, אַחוץ בען באָנוס און מינא בערן, די אַקטיאָרן און זינגער לאַ ביאַנקאַ, פּאָלאַ קאַדיסאָן, בערנאַרד סאַוער און פיביכס טענצער־גרופּע.

" " "

## 165 „יונגט זינגט ייִדיש"

דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג צוזאַמען מיט דער „אהרן פישמאַן־פונדאַציע" האָט אין חודש מערץ 1968 אַראַנזשירט אין ניו־יאָרק אַ געזאַנג־פּראָגראַם א"נ „יונגט זינגט ייִדיש", די באַטײליקטע זײנען געװען ס'רוב הײ־געבױרענע יונגטלעכע. דער שרײַבער חאַלף יונין שרײַבט צװ"א װעגן דער פאָרשטעלונג: „האָט דװקא די זינגערין מײדא פײַנגאָלד אױסגעקליבן ייִדישע טעאַטער־ און פאָלקס־לידער פון די עלטערע צײַטן. האָט דער רודנער צװילינג דװקא אױסגעקליבן אױפצוטרעטן אין נודעלמאַנס דיאַלעקטן־סצענע „אײנשטײן־װײַנשטײַן" לױטן נוסח דזשיגאַן און שומאַכער און זײנען ניט נאָר אױסן װעג, נאָר האָבן באמת דערשטױנט אַלעמען מיט זײער אױפטו. –– אָבער גאָר אַ באַזונדערן לױב פאַרדינט דער „יונגנטרוף"־אַנסאַמבל, װאָס האָט אין זײן אױפפירן אַ גאָלדפאַדען־קראַנץ באַשטעטיקט, אַז אַפילו אונטער שװערע באַדינגונגען קענען זיך צעװאַקסן די ייִנגסטע יורשים פון אונדזער ייִדישן האָב און גוטס. די אַלטע טעאַטער־ניגונים און לידער זײנען זײ געװען צוגעװאַקסן צום לײַב װי אײגענע, װען אַפילו ס'האָט אַמאָל אָפּגעקלונגען בײ אײנעם צי צװײ אַן אַמעריקאַנער אױסרײד פון אַ ייִדישן װאָרט".

" " "

## 166 אַ קינסטלער־גרופּע אין פילאַדעלפיע

די אַקטיאָרן־גרופּע פון חיהלע אַש, אַרי פורמאַן און אַברהם פורמאַן טרעט אױף מיט 8 מוזיקאַלישע און דראַמאַטישע פּראָגראַמען אין ייִדישע צענטערס, סינאַגאָגעס אין פילאַדעלפיע, דעטראָיט, באַלטימאָר און אַנדערע שטעט, און אױך אױף טעלעװיזיע (װאָס איז אַ גאַנץ זעלטענע זאַך, אױב עס גײט אין פּראָגראַמען אױף ייִדיש). זײ גרײטן צו די יונגטלעכע דראַמאַטישע סטודיע װאָס באַשטײט פון תלמידים פון אַרבעטער־רינג און פאָלקסשולן אױפצופירן די „גרינע פעלדער". די סטודיע װערט אױסגעהאַלטן פון דער פילאַדעלפיער „ייִדישער קולטור־אָרגאַניזאַציע".

" " "

167 אין פילאַדעלפיע האָט זיך געשאַפן אַ נײע ייִדישע יוגנטלעכע מוזיקאַלישע גרופּע װאָס זינגט ייִדישע פאָלקסלידער אַקאָמפּאַנירט מיט

גיטאַרעס. די יוגנטלעכע זײנען תלמידים און גראַדואירטע פון די ײדישע שולן, אַלע געבוירענע אין אַמעריקע. זײ זײנען צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן אויף אַ קולטור־ליטעראַרישן אָװנט װאָס די „דזשוליוס גראָס־ײדישע ליטעראַרישע גרופּע" האָט דורכגעפירט אינעם ײדישן צענטער (דזשעי־װאַי־סי).

" " "

168 אין דעטראָיט איז דערשינען אַן ענגליש בוך װעגן ײדישן טעאַטער אין דעטראָיט. דער טעאַטער האָט דאָרטן עקזיסטירט פון יאָר 1920 ביז 1937, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון איצט שוין פאַרשטאָרבענעם אַברהם ליטמאַן. דער מחבר פון בוך איז דזשײמס מילער, אַ ניט־ייד װאָס האָט זיך אויסגעלערנט ײדיש. דאָס בוך איז זײן דאָקטאָראַט־דיסערטאַציע פאַר דעם װײן־אוניװערסיטעט.

" " "

169 עס איז אַרויס פון דרוק אַ בוך „דער היסטאָרישער בײטראָג פון רוסישן ײדנטום צו ײדישער מוזיק", אַרויסגעגעבן פון „נאַציאָנאַלן ײדישן מוזיק־ראַט".

" " "

170 דער ײדישער טעאָלאָגישער סעמינאַר האָט אַראַנזשירט און דורכגעפירט אויף טעלעװיזיע פּראָגראַמען װעגן ײדיש, ײדישער ליטעראַטור און ײדישן טעאַטער.

" " "

171 אין בוענאָס־אײַרעסער טעאַטער „מיטרע" איז געשטעלט געװאָרן די נײַע אויפפירונג „װען דאָס פידעלע שפּילט" מיט די אַקטיאָרן הענרי גערע און ראָסיטאַ לאָנדנער.

" " "

172 אין בוענאָס־אײַרעס איז אָפגעמערקט געװאָרן די 35־יאָריקע עקזיסטענץ פון „איפט" (ײדישער פאָלקס־טעאַטער). עס איז אויפגעפירט געװאָרן אַ מאָנטאַזש פון די װיכטיקסטע פּראָגראַמען װאָס זײנען אין משך פון 35 יאָר געשפילט געװאָרן דורכן „איפט".

" " "

173 דער פּאַריזער ײדישער טעאַטער־אַנסאַמבל האָט אויפגעפירט די מוזיקאַלישע קאָמעדיע „13 פּעסלעך דוקאַטן" לויט שלום־עליכמען. דער רעזשיסער איז חבל בוזגאַן, אַן אַקטיאָר פון װאַרשעװער ײדישן טעאַטער.

" " "

174 דער באַװאוסטער טעאַטער־אימפּרעסאַריאָ דזשײקאָב דזשײקאָבס נעמט װידער איבער דעם ענדערסאָן־טעאַטער אין ניו־יאָרק און עס װעלן

אין קומענדיקן סעזאָן אויפגעפירט װערן מוזיקאַלישע פּיעסעס. אין פאַרגאַנגענעם סעזאָן איז די פאָרשטעלונג „די פּלה האָט פאַרבלאָנדזשעט" געשפּילט געװאָרן 84 מאָל.

" " "

175 א „גרופּע עקשנים", צװישן זײ דער אַקטיאָר הערשל ראָזען, האָט אָרגאַניזירט א טעאַטער-פאָרשטעלונג אין ניו-יאָרק צו װעלכער עס איז געקומען אַן עולם פון אַרום 1500 מענטשן. אין דער פּראָגראַם פון סקיצן, געזאַנג און רעציטאַציעס האָבן זיך באַטײליקט א רײ באַקאַנטע ייִדישע אַקטיאָרן און זינגערס.

" " "

176 אין חודש פעברואַר, 1968, האָט די דראַמאַטישע גרופּע פון די מאָנטרעאַלער ייִדישע פאָלקס-שולן געגעבן עטלעכע פאָרשטעלונגען פון דער דראַמע „אָנקל מאָזעס", א באַאַרבעטונג פון באַװאוסטן ראָמאַן פון שלום אש.

" " "

177 אין די טעג פון 21סטן און 22סטן סעפּטעמבער 1967 איז אויפגעטראָטן אין „אָפּען עיר טעאַטער" פון דער מאָנטרעאַלער װעלט-אויסשטעלונג (עקספּאָ 67) דער ייִדישער כאָר פון מאָנטרעאַל מיט דער באַטײליקונג פון א גרעסערער צאָל זינגערס פון ייִדישן פאָלקס-כאָר פון דעטראָיט.

" " "

178 עס װערט איבערגעגעבן, אַז די אַקטיאָרן יעקב זאַנגער און הערי רובין װאָס שפּילן אין דער „פאָלקסבינע" זײנען אַנגאַזשירט געװאָרן צו שפּילן אין א פילם װעגן ייִדישן לעבן. דעם פילם װעט מען בקרוב אָנהייבן מאַכן אין די קעטסקיל-בערג לעבן ניו-יאָרק.

" " "

179 דער ייִדישער פילהאַרמאָנישער פאָלקס-כאָר פון ניו-יאָרק האָט אויפגעפירט א פּראָגראַם לכּבוד דעם 45סטן יובל פון כאָר אין װעלכן עס איז געװען אײַנגעשלאָסן די װעלט-פּרעמיערע פון איציק מאַנגערס „חומש-לידער", מיט מוזיק פון משה ראַוד.

" " "

180 דער קאָמפּאָזיטאָר שמואל פערשקאָ װעט שרײַבן די מוזיק און דיריגירן דעם אָרקעסטער אין דער נײַער אויפפירונג אין אַנדערסאָן-טעאַטער אין ניו-יאָרק „קיין מאָל ניט צו שפּעט פאַר פריד". דער טעאַטער װעט עפענען דעם סעזאָן אין אָקטאָבער 1968. מאַקס פּערלמאַן איז אַנגאַזשירט געװאָרן צו שפּילן אין דער פאָרשטעלונג; צוזאַמען מיט אים װעלן שפּילן די אַקטיאָרן מרים קרעסין, דזשײקאָב דזשײקאָבס, סעלמאַ מינץ און נאָך אַנדערע, װעגן װעלכע עס װעט באַזונדער געמאָלדן װערן.

" " "

181 אין יובל-נומער פון דער ארגענטינער „די פרעסע" איז אפגע-
דרוקט א גרעסערע אפהאנדלונג א"נ „פופציק יאר יידיש טעאטער
אין ארגענטינע".

" " "

182 אין סאנטיאגא, טשילע, האט גאסטראלירט דער יידישער סאטירע-
טעאטער פון ישראל אונטער דער אנפירערשאפט פון ש. דזשיגאן
אין זייער ישראלדיקער נצחון-פראגראם א"נ „געשאסן און געטראפן".

" " "

183 דער באקאנטער יידישער אקטיאר און רעזשיסער זיגמונט טורקאוו
איז אין חודש יוני 1968 געקומען קיין בראזיל און ארגענטינע
אויף גאסט-באזוכן. ער וועט אויפטרעטן אין דער ישראלדיקער קאמעדיע
„פאר אהיים, מיין זון", אויפגעפירט אין עברית אין ישראל.

" " "

184 די יידישע דראמאטיש-מוזיקאלישע סטודיע אין קעשענעוו האט בא-
קומען פון מאלדאווישן קולטור-מיניסטעריום דעם טיטל „פאלקס-
טעאטער". די סטודיע פירט אויף צוויי ספעקטאקלען: „ניי-קאסרילעווקע"
און „דער וועג אין לעגענדע", מאטל סאקציערס א באארבעטונג פון מ.
דאניעלס פיעסע „זיאמקע קאפאטש".

" " "

## 20 טויזנט ביי א פעסטיוואל פון יידיש אין ניו-יארקער צענטראל פארק

184א העכער 20 טויזנט יידן פון אלע ריכטונגען און שאטירונגען; אלט.
יונג און אויך קינדער, האבן דינסטיק אוונט אויסגעפילט דעם
„מאל" אונטערן פרייען הימל פון צענטראל פארק אין ניו-יארק, וואו עס
איז דורכגעפירט געווארן דער ערשטער גרויסער מוזיק- און געזאנג-פעסטי-
וואל אין יידיש. די דאזיקע אונטערנעמונג, די ערשטע פון דעם מין פאר
יידן אין ניו-יארק, האט געהאט אן אינטערעסאנטן פארלויף און איז פון
גרויסער היסטארישער באדייטונג.

... דאס האט י י ד י ש, אונדזער מאמע-לשון, געבראכט דעם ריי-
זיקן עולם אין צענטראל-פארק-„מאל". ווידער א מאל איז דאס ווי א פאטש
אין פנים די אלע פאלשע נביאים, וועלכע האבן שוין פון לאנג אפגעזאגט
און האלטן אין איין אפזאגן דאס לעבן פון יידיש. די אונטערנעמונג האט
באוויזן, אז יידיש לעבט און איז טיף פארווארצלט, אז יידיש לעבט!...

...אין פראגראם זיינען ארויסגעטראטן פאלגנדיקע (לויטן א"ב)
יידישע שוישפילער און זינגער: מנשה אפענהיים, מאקס און רייזל באזשים,
בען באנוס, מינא בערן, סידאר בעלארסקי, דזשינעטא לא ביאנקא, שמוא-
ליק גאלדשטיין, יואל דן און זיין ישראל-טריא, סוזען וואלטערס, לעאן
ליבגאלד, לילי ליליאנא, בערנארד סאוער, שרה און חיים פערסקא, דינה
ציפקין און דער טריא פון „דאבליו-אי-ווי-די" ראדיא-סטאנציע, מיט די
זינגער: ביאנקא סאלער, אינגריד ריפינסקי און עמנואל ראזענבערג...

(פון א באריכט אין „פארווערטס" דאנערשטיק,
דעם 22סטן אויגוסט, 1968)

" " "
" "

## קורצע נייס פון דער גאָרער וועלט

185 אין בוענאָס־איירעס איז אראנזשירט געוואָרן א בילדער־אויסשטע־
לונג פון קינסטלער יהודה פאַר אונטערן נאָמען „די יידן פון
מיינע קינדער־יאָרן".

" " "

186 דעם 29סטן נאָוועמבער 1967 איז פאָרגעקומען דער ערשטער קאָנצערט
פון ארגענטינער יידישן קאמער־ארקעסטער ביי דער „יוואָ־מוזיק־
געזעלשאפט".

" " "

187 אין דער שטאָט ראָזאריאָ, ארגענטינע, איז געפייערט געוואָרן דער
חנוכת־הבית פון דער צענטראלער חיים־נחמן ביאליק־שולע (ס'איז
צוגעבויט געוואָרן א צווייטער שטאָק).

" " "

188 אן אינציאטיוו־גרופע פון יידישע כלל־טוערס האָבן זיך אונטערגע־
נומען צו שאפן א „פונדאציע ח. רעאל" וואָס זאָל האָבן דעם ציל
„צו רעאליזירן, אנטוויקלען און פאַרלייכטערן הילף און שטיצע פאַר
דערציאונג, קולטור און פילאנטראָפיע" פון דער יידישער באפעלקערונג
אין בוענאָס־איירעס.

" " "

189 אין בוענאָס־איירעס איז פאָרגעקומען א מסיבה לכבוד דעם דערשיי־
נען פון גליקל האמעלס „זכרונות" אין דער סעריע „מוסטערווערק
פון דער יידישער ליטעראטור".

" " "

190 אין פעברואר 1968 איז פאָרגעקומען אין ווארשע א באגעגעניש
פון דער „שעפערישער יידישער אינטעליגענץ" מיט דער סאָוועטיש־
יידישער שרייבערין שירע גאָרשמאַן וואָס איז געקומען אויף א באזוך
קיין פוילן.

" " "

191 דעם 16טן אָקטאָבער 1967 האָט דער יידישער קולטור־קאָנגרעס אין
ניו־יאָרק אראנזשירט אן אויפנאָמע פאַר די געסט פון מעקסיקע
טוביה מייזל, פאָרזיצער פון קולטור־דעפארטמענט פון דער קהילה אין
מעקסיקע און יוסף ראָטענבערג, פעדאגאָג און שרייבער, רעדאקטאָר פון
חודש־זשורנאל „פארוים".

" " "

192 דעם 23סטן דעצעמבער 1967 איז פאָרגעקומען אין מאָנטרעאַל א
הזכרה צום 5־טן יאָרצײַט נאָך ה. לײװיקן. דער שרײַבער משה
שטארקמאן פון ניו־יאָרק האָט גערעדט װעגן ה. לײװיקן און זײַן דויערנ־
דיקן אײַנפלוס.

" " "

193 אין בערקלי־אוניװערסיטעט, קאַליפאָרניע, האָט זיך אָרגאַניזירט
א ײדיש־קלוב אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פראָפ' אילײַ קאַץ.
דער טעמפּעל בית־אברהם, װאו ראַבײַ שולמײַז איז דער גײַסטיקער פירער,
האָט אראַנזשירט א פרײַטאָג־צו־נאַכט װאו מען האָט גערעדט װעגן ײדיש,
געזונגען ײדישע לידער, געלײענט און אנאָנסירט אין ײדיש.

" " "

194 די ניו־יאָרקער גרופּע „אויפגאַנג" האָט גרײט צו הילף־מאַטעריאַלן
פאַר די ײדישע שולן האָט ארויסגעגעבן א קלײנעם העפט - אַן
אָפּקלײַב פון משלים פון אליעזר שטײַנבארג (אילוסטרירט פון צירל װאַ־
לעצקי), און א זאַמלונג לידער און צײַכענונגען פון קינדער אין קאָנ־
צענטראַציע־לאַגער טערעזין אין די יאָרן 1942־1944, באַאַרבעט און צו־
נויפגעשטעלט פון מלכה גאָטליב, גערע פישמאַן און צירל װאַלעצקי;
איבערזעצט פון מרים האָפמאַן. בײדע אויסגאַבעס זײַנען געמאַכט מיט א
סך טעם און געשמאַק פונקט װי די אַנדערע אויסגאַבעס פון „אויפגאַנג"
לכבוד די יום־טובים ראש השנה, סוכות, חנוכה און פורים.

" " "

195 מ. צאַנין, דער רעדאַקטאָר פון דער ישראלדיקער ײדישער טאָג־
צײַטונג „לעצטע נײַעס" האָט געמאַכט א לענגערן באַזוך אין די
לענדער פון צפון־און דרום־אַמעריקע.

" " "

196 דער זומער־לאַגער (קעמפּ) „המשך" טרעט אַרײַן אין 10טן יאָר פון
זײַן עקזיסטענץ. דער קעמפּ איז געגרינדעט געװאָרן אין ניו־
יאָרק פון א גרופּע עלטערן װאָס זײַנען געװען פאַראינטערעסירט אין א
מער אינטענסיװן זומער־פּראָגראַם אין ײדיש.

דער קעמפּ „המשך" האָט דעם זומער געװאונען דעם ערשטן פּריז אין
א קאָנקורס צװישן 19 קעמפּס פאַר דעם בעסטן גרופּע־אויפטרים. די
גרופּע קעמפּערס איז ארויסגעטראָטן אין א פּראָגראַם פון ײדישע לידער
און טענץ.

" " "

197 עפּעס אזוינס װאָס טרעפט ניט יעדן טאָג. אין ניו־יאָרק איז
ארויסגעגעבן געװאָרן א בוך לידער פון מענדל גאָלדמאַן „הײמװײ"־
בלעטלעך פון א לירישן טאָג־בוך 1941־1965. דער מחבר װאוינט אין
טאַשקענט, די הויפּט־שטאָט פון סאָװעטישן אוזבעקיסטאַן, און דאָס בוך

איז געדרוקט געוואָרן מיט דער הילף פון מחברס קרובים אין אַמעריקע. ווי ווײַט מיר ווײסן איז דאָס דער אײנציקער פאַל וואָס א ײדישער כתב־יד פון סאָוועטן־פאַרבאַנד איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַמעריקע.

" " "

198 דעם 31סטן מערץ 1968 האָט דער קולטור־קאָנגרעס אַראַנזשירט א קאָנצערט פון באַוואוסטן זינגער סידאָר בעלאַרסקי, אויף די טעקסטן פון די לידער פון די ײדישע פאָעטן אין רוסלאַנד (פון 19־טן יאָרהונדערט ביז דער ליקווידאַציע פון די סאָוועטיש־ײדישע שרײבער – דוד האָפשטײן, איציק פעפער, איזי באַריק). די פּראָגראַם איז איבער־געגעבן געוואָרן אויף דער ראַדיאָ „וואָיס אָף אַמעריקאַ" פאַר די לענדער הינטער דעם אײזערנעם פאָרהאַנג.

" " "

199 דעם 25סטן מײַ 1968 איז פאָרגעקומען א קאָנצערט לכבוד דעם 70־יאָריקן יובל פונעם קאָמפּאָזיטאָר לאַזאַר ווײַנער (אַראַנזשירט פונעם ײדישן קולטור־קאָנגרעס). די פּראָגראַם – קאָמפּאָזיציעס פונעם בעל־יובל האָבן אויסגעפירט א רײ זינגער. לאַזאַר ווײַנער האָט באַגלײט בײַ דער פּיאַנאָ און דער זון יהודי האָט געשפּילט א רײ קאָמפּאָזיציעס פון פאָטער.

" " "

200 דעם 14טן יאַנואַר 1968 איז פאָרגעקומען א צוזאַמענטרעף פון די ראַדיאָ־צוהערערס מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער ישראַלדי־קער ראַדיאָ־אויטיציע: אפרים שעדלעצקי, יוסף קריב און א. ליס. עס איז געקומען א גרויסער עולם, א סך פון זײ האָבן זיך באַטײליקט אין דער דיסקוסיע.

" " "

201 דער נײַסטער נומער (10 – 11) פון „יוגנטרוף" – אַלוועלטלעכער ײדישער זשורנאַל, איז אַרויס אין ישׂראל.

" " "

202 די חיפהער „הסתדרות", צוזאַמען מיטן ײדישן שרײבער־פאַראײן און דער ײדישער ביבליאָטעק א"נ פון פראַנץ קורסקי אין חיפה האָט דעם 23סטן דעצעמבער 1967 אײנגעאָרדנט א פאָרטראָג פון מ. צאַנין, רעדאַקטאָר פון „לעצטע נײעס" אויף דער טעמע „א באַזוך אין דער ײדי־שער וועלט האַרבסט 1967".

" " "

203 און דעם 20סטן יאַנואַר 1968 האָבן די זעלביקע אָרגאַניזאַציעס דורכגעפירט א י.ל. פּרץ־אָוונט. אין פּראָגראַם: א פאָרטראָג

פון מרדכי קראשניק, פאַרזיצער פון ייִדישן שרייבער־פאַראיין אין חיפה.
ניוסיא גאָלד איז ארויסגעטראָטן אין ארטיסטישן טייל.

" " "

<u>204</u> אין דער דערעפענונג פון 20סטן חודש פון ייִדישן בוך אין
בוענאָס־איירעס האָבן אָנטייל גענומען דער גאסט פון ישראל מרדכי
צאנין, אברהם מיטלבערג, ד"ר טוביה קאמענשטיין און דער כאָר „הזמיר".

" " "

<u>205</u> אין בריסל, בעלגיע, האָט דער אויסטראליער ייִדישער שרייבער
הערץ בערגנער געהאלטן א פאָרטראג (דעם 7טן אָקטאָבער 1967)
אד"ט „די ייִדישע ליטעראטור מיטן פנים צום היינט".

" " "

<u>206</u> דער פארלאג „קיום" אין פאריז פלאנירט ארויסצוגעבן בחרוב
דריי ייִדישע ביכער: א בוך פון יצחק קאָרן וועגן דער מושבים־
באוועגונג אין ישראל, אַן אַנטאָלאָגיע פּאָעזיע געווידמעט משה שרת ז"ל,
איבערגעזעצט דורך דעם דיכטער לייב אָליצקי און א בוך זכרונות וועגן
דער שטאָט שארגאָראָד פון מ. קופער.

" " "

<u>207</u> אין רומעניע איז ארויס א לוח לשנת תשכ"ח אין צוויי שפראכן.
ייִדיש און רומעניש. דער לוח איז א קליינע אנטאָלאָגיע פון
ידיעות וועגן ייִדישע מנהגים און יום־טובים און אנטהאלט אויך א באַ־
ריכט וועגן די טעטיקייטן פון דער פעדעראציע פון די רומענישע קהי־
לות פארן יאָר 1966.

" " "

<u>208</u> צום דערשיינען פון 60סטן נומער פון ארגענטינער זשורנאל
„דוקא" האָט דער אָרטיקער קולטור־קאָנגרעס דורכגעפירט א
מסיבה לכבוד זיין רעדאקטאָר און ארויסגעבער שלמה סוסקאָוויטש.

וועגן „דוקא" און זיין פּאָזיציע אין דער ייִדישער וועלט האָבן
גערעדט יונה גאָראָדיסקי, אברהם זאַק, יצחק יאנאסאָוויטש, דער רעדאַק־
ציע־סעקרעטאר פון „דוקא" בער קרימסקי, י. הארן און מאיר שוסטע־
ראָוויטש. אויף די באַריכטע פראגעס אין שייכות מיט „דוקא" האָט גע־
ענטפערט דער רעדאקטאָר שלמה סוסקאָוויטש.

" " "
" "

# ײדיש אין פּױלן

209 די אומדערװאַרטע אַנטװיקלונגען אין פּױלן אין פֿרילינג 1968 האָבן צעטרײסלט די רעלאַטיװע סטאַבילקײט פֿון ײדישן קיבוץ אין דער פּױלישער רעפּובליק און געשטעלט אונטער נאָך אַ גרעסערן פֿרעג־צײכן די מעגלעכקײט פֿון אַ ײדישן המשך אין פּױלן. פֿון ידיעות און בריװ װאָס קומען אָן איז קאָנטיק, אַז אױך די װאָס האָבן פֿריער נישט געקלערט צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד זײנען איצט שױן גרײט אַרױס־צופֿאָרן אױב מען װעט זײ נאָר אַרױסלאָזן. װי אַזױ, נאָך אַ קלענערע װי ביז איצט ײדישע באַפֿעלקערונג װעט קענען אָנהאַלטן אַ ײדיש לעבן, אַפֿילו אױב די רעגירונג װעט נישט שטערן, איז זײער שװער זיך פֿאָרצושטעלן.

װאָס עס זאָל אָבער נישט װערן פֿון ײדישן ישוב אין פּױלן – צי ער װעט װײטער קענען עקזיסטירן װי אַן עטניש־קולטורעלע גרופּע, אָדער זײנע רעשטלעך װעלן װעגעטירן אין אַן אײנגעשרומפּענעם קולטורעלן געטאָ, אָבער װאָס איז אױפֿגעטאָן געװאָרן אין פּױלן אין ײדיש אין דעם נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד איז װיכטיק אין כמות און איכות, אױב מען נעמט אין חשבון װי קלײן די ײדישע באַפֿעלקערונג אין לאַנד איז.

און גראָד לעצטנס – זינט אַן ערך אַ יאָר – האָבן זיך געװיזן אין פּױלן סימנים פֿון אַ גרעסערער ײדישער אידענטיפֿיקאַציע בײ אַ צאָל ײדן װאָס זײנען ביז דעמאָלט געװען פֿרעמד צו ײדישקײט. בעיקר איז עס געװען קאָנטיק בײ דער ײדישער סטודירנדיקער יוגנט. אַ סך פֿון זײ אין גאַנצן פּאָלאָניזירטע, האָבן זיך אָנגעהױבן צו לערנען ײדיש, גענומען זיך אינטערעסירן מיט ײדישער געשיכטע, ליטעראַטור און פֿאָלקלאָר. דאָס האָט געגעבן אַ שטיקל האָפֿענונג פֿאַר אַ המשך, אױב אַפֿילו אין אַ באַגרענעצטער מאָס.

דער ישוב פֿון נאָכמלחמהדיקן פּױלן איז קײן מאָל נישט געװען קײן צאָלרײכער און איז שטענדיק געװען אַ פֿליסיקער. געקומען קײן פּױלן לרוב פֿון סאָװעטן־פֿאַרבאַנד, און נאָך אַ יאָר, צװײ, פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד. לעצטנס האָט מען געשאַצט די ײדישע באַפֿעלקערונג אין אַ 20 – 30 טױזנט, אַ גאַנץ גרױסער טײל פֿון זײ האָט נישט געװאָלט האָבן קײן שײכות מיט ײדיש. פֿונדעסטװעגן איז געלונגען צו שאַפֿן אין פּױלן עטלעכע קולטור־אינסטיטוציעס פֿון גרױסן באַטײַט, אַזעלכע װאָס האָבן געהאַט אױך אַ השפּעה מחוץ לארץ. דאָס מײנט מען קודם־כל דעם װאַר־שעװער ײדישן טעאַטער, דעם פֿאַרלאַג „ײדיש בוך" און דעם „ײדישן היס־טאָרישן אינסטיטוט".

עס איז טאַקע אמת, אַז די פּױלישע רעגירונג האָט מאַטעריעל געשטיצט די ײדישע קולטור־טעטיקײטן. אין אַ סאָציאַליסטישן רעזשים קענען נישט און טאָרן נישט קולטור־אינסטיטוציעס זײן טעטיק אָן דער צושטימונג, פֿינאַנסיעלע שטיצע פֿון דער רעגירונג; עס איז אָבער אױך אמת, אַז בלױז די צושטימונג און בלױז די פֿינאַנסיעלע שטיצע פֿון אַ רעגירונג קענען נישט שאַפֿן און אײַנהאַלטן אַ קולטור אין קײן שום שפּראַך. די מלוכה־שטיצע װאָלט נישט געקאָנט שאַפֿן אַ קינסטלערישן ײדישן טעאַטער, װען עס װאָלטן נישט געװען קײן זײער טאַלאַנטירטע ײדי־שע אַקטיאָרן און טעאַטער־מענטשן. די פֿינאַנסיעלע שטיצע אַלײן װאָלט נישט בכוח געװען אַרױסצוגעבן אין משך פֿון 20 יאָר עטלעכע הונדערט

ײדישע ביכער, – װען עס װאָלטן נישט געװען קײן שרײַבערס, רעדאַקטאָרן, אַרויסגעבערס און טאַקע ײדישע לײענערס אויך. געװיס האָבן מיר אונ־דזערע פּאָליטישע חילוקי־דעות מיט די ײדישע קולטור־טוערס פון פּוילן. מיר שאַצן אָבער אָפּ געהעריק זײערע אָרגאַניזאַציע־פּעאיקײטן, טאַלאַנט און אויסדויער. א סך פון דעם װאָס די ײדישע קולטור און ליטעראַ־טור האָט במשך די יאָרן געשאַפן אין פּוילן װעט שוין בלײַבן א טײל פון אַלװעלטלעכן ײדישן קולטור־פאַרמעג.

מיר האָבן נישט בדעה צו געבן דאָ א גענויעם סך־הכל פון די 23 יאָר ײדיש קולטור־לעבן אין פּוילן. עס װערן דאָ געבראַכט בלויז ראשי־פּרקים פון די אַקטיװיטעטן אויף ײדיש װאָס זײַנען אין דער דאָזי־קער תקופה, באַזונדער אין די לעצטע טלעבע יאָר, געפירט געװאָרן אין פּוילן. הלװאי זאָל דער װײַטערדיקער באַריכט נישט אויסקומען װי א הספד אויף אַן אָפּגעשלאָסענער היסטאָרישער תקופה, און דאָס גענוצטע דאָ װאָרט „איז" זאָל נישט דאַרפן פאַרביטן װערן אויף „איז געװען".

" " "

## <u>210</u> <u>די ײדישע ליטעראַטור און די ײדישע שרײַבערס</u>

נישט קוקנדיק דערויף װאָס די ײדישע באַפעלקערונג אין פּוילן איז אַזוי קלײן, און אויך די צאָל ײדישע פען־מענטשן איז קלײן, קען מען דאָך רעדן װעגן א פּויליש־ײדישער ליטעראַטור אין דעם נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד. דאָס איז א ליטעראַטור װאָס װאָלט געװען ניט־קלײן אפילו פאַר א גרעסערן ישוב. די פּויליש־ײדישע ליטעראַטור פון די לעצטע 23 יאָר איז געװען א „ליטעראַטור אין מיניאַטור", װאָס האָט פאַרמאָגט טאַלאַנ־טירטע פאָרשטײער פון יעדן ליטעראַרישן מין – פּאָעטן, פּראָזע־שרײַבערס, ליטעראַטור־קריטיקער, עסײאיסטן און היסטאָריקער, אפילו אויב בלויז טלעבע פון יעדן מין.

מיט קלײנע אויסנאַמען, זײַנען זײ ניט געװען פון אַזאַ קאַליבער װי עס פאַרמאָגט די ײדישע ליטעראַטור אין אַמעריקע, אָדער אפילו אין סאָװעטן־פאַרבאַנד. די ליטעראַטור איז אָבער געװען די ײדישסטע לי־טעראַטור אין די לענדער פון „סאָציאַליסטישן בלאָק". זי האָט גאָר שטאַרק געװאָרצלט אין ײדישן עבר, און איז געװען דורכגעפּײניקט ביזן מאַרך מיטן לעצטן חורבן פון ײדישן פאָלק. זי האָט נישט דורכגעמאַכט דעם טראַגישן גורל פון דער סאָװעטיש־ײדישער ליטעראַטור װאָס איז פריער געװאָרן געהאַלטן אין אײַזערנע צװאַנגען פון א שמאָלער און בײַטנדיקער זיך פאַרטײ־ליניע, דערנאָך געװאָרן פאַרשטומט, צוזאַמען מיט אירע שאַ־פערס, און דערנאָך רעגולירט מיט א טײ־לעפעלע. זי האָט געהאַט א סך מער פרײַהײט, שוין נישט רעדנדיק פון דעם, אַז עס איז איר דערלויבט געװאָרן צו שאַפן די אינסטיטוציעס װאָס דער סאָװעטן־פאַרבאַנד האָט נישט געװאָלט געבן – א ײדישע קולטור־געזעלשאַפט, א פאַרלאַג, א היסטאָרי־שער אינסטיטוט, א טעאַטער. פון דעם בײַשפּיל פון פּוילן קאָן מען זיך מער זײַן װי שטאַרק אַנדערש דאָס ײדישע קולטור־לעבן אין סאָװעטן־פאַרבאַנד, מיט אירע 3 מיליאָן ײדן, װאָלט אויסגעזען, װען די אײַזער־נע האַנט פון מלכות װאָלט דאָרטן א ביסל זיך געעפנט.

די ײדישע ליטעראַטור אין פּוילן איז געװען אַנדערש פון דער ײדישער ליטעראַטור אין סאָװעטן־פאַרבאַנד מיט איר טאָן, לשון און טע־מאַטיק. דער ײדישער אויסלײג איז געװען װי אין אַלע אַנדערע קיבוצים און נים דער סאָװעטישער. די העברעישע װערטער זײַנען געשריבן

געװאָרן מיטן העברעישן אויסלייג. דער טאָן איז געװען א פריערער, די געדאנקען װייניקער געװאויגן און געמאָסטן אין דעם ענגן סדום־בעטל פון געשריבענע און אויפן חאונק געגעבענע פארטיי־חאונטשן. באזונדער האָט זיך דאָס אָנגעזען ביי די צװייט־ראנגיקע שרייבערס. אויב די ערשט־ראנגיקע סאָװעטיש־יידישע שרייבערס האָבן באװיזן מיט זייער טאַ־לאנט טיילװייז איבערצוקומען די שװעריקייטן, האָט ביי די װייניקער טאַ־לאנטירטע בולט, מער װי ביי די פויליש־יידישע שרייבערס, זיך אָנגעזען די איינטאָניקייט, די באגרענעצטקייט אין דער קינסטלערישער באארבעטונג פון מאטעריאל און, װי מאָדנע דאָס זאָל נישט זיין, דאָס אָפטע אנטלויפן פון דער װירקלעכקייט. די טויזנטער נאטור־לידער, און מיניאטור־באשריי־בונגען זיינען א כאראקטעריסטישער סימן פון דער טענדענץ. די טעמע פון סאָציאליסטישער בויאונג װאָס איז די הויפּט־טעמע פון סאָציאליס־טישער ליטעראטור איז אין פוילן ארויסגעקומען פשוטער, אויפריכטי־קער, מיט װייניקער טראסק און סקארבאָװן אָפּטימיזם. די פויליש־יידישע שרייבערס האָבן אָפטער געשריבן, און מיט מער ציטער, װעגן יידישן פאָלק, זיין עבר און זיין עתיד. זיי זיינען נישט געװען אין זייער שרייבן אזעלכע נייטראלע אָבסערװאטאָרן אין דעם קאמף פארן יידישן קיום װי די יידישע שרייבערס אין סאָװעטן־פארבאנד.

מיר װעלן דאָ נישט אויסשטעלן די יידישע שרייבערס אין פוילן אין טאלאנט־קאטעגאָריעס. דאָס איז א שװערער און אויך צו סוביעקטיװער ענין. מיר װעלן בלויז מאכן עטלעכע אויסנאמען, װען עס װעט אונדז אויסזען מחוץ יעדן ספק.

עס לעבן אין פוילן א צאָל טאלאנטירטע יידישע פּאָעטן (געװען פריער מער, אָבער עטלעכע זיינען ארויסגעפאָרן פון לאנד, װי למשל, בינעם העלער, װאוינט איצט אין ישראל). צװישן די פארבליבענע געפינען זיך משה שקליאר, אליהו רייזמאן, יידל זינגרייך און דוד ספארד, װאָס איז, לויט אונדזער מיינונג, איינער פון די טאלאנטירט־סטע און טיפסטע יידישע פּאָעטן היינט צו טאָג. ספארד איז אויך גע־װען ביז לעצטנס א גוטער רעדאקטאָר פונעם אינטערעסאנטן ליטעראַרישן חודש־זשורנאל „יידישע שריפטן". (ס'מוז דאָ אויך דערמאָנט װערן דער זייער טאלאנטפולער פּאָעט פלטיאל ציבולסקי, ע"ה). פאראן אין פוילן א גרופּע פּראָזאאיקער, צװישן זיי שלמה שטראוס־מארהא, יוסף גאָלדקאָרן און י. פינער.

עס זיינען פאראן עטלעכע קאָמפּעטענטע ליטעראטור־קריטיקערס, װי למשל,שלמה בעליס, װאָס פארמאָגט א ברייטע קענטשאפט פון דער יידי־שער ליטעראטור און א גוטן שרייבערישן סטיל.

די װיכטיקסטע זשורנאליסטן און אָרגאניזאטאָרן פון דער קולטור־ארבעט זיינען געװען הערש סמאָליאר און הערש דאָמב, די אָנפירערס פון יידישן קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאנד. ביידע האָבן הינטער זיך א לאנגן און װיכטיקן סטאַזש פון קאָמוניסטישער פּראָפּאגאנדע און פארטיי־ארבעט. הערש סמאָליאר איז געװען צװ"א א רעדאקטאָר פון פארטיזאנישע צייטונגען און פון די אָרגאניזאטאָרן פון דער פארטיזאנער־באװעגונג אין װייסרוסלאנד. נישט־לאנג צוריק איז אויפגעדעקט געװאָרן דער סוד אז הערש דאָמב איז עס געװען דער װאָס האָט אין דער צייט פון דער לעצ־טער מלחמה אָרגאניזירט און אָנגעפירט מיט דער גאָר װיכטיקער שפּיאָנאַזש־נעץ װאָס דער סאָװעטן־פארבאנד האָט אָרגאניזירט בעת דער מלחמה אין הארץ פון נאצי־דייטשלאנד. זיינע פארדינסטן און אויפטוען זיינען גע־װען אין לשער. א חוץ די צװיי איז אויך באקאנט ק. מירסקי (אמתער נאָמען טאבאטשניק), א זשורנאליסט נישט אָן טאלאנט און װיסן, טרויע־ריק בארימט געװאָרן צוליב זיין ארטיקל װעגן די „מערדערס אין װייסע

באלאמן".(דער בילבול אויף די סאָוועטישע ייִדישע דאָקטוירים) און שמעון זאַבאַריאַש - ביידע פאַנאַטישע דאָקטרינערן - בכל אופן געווען ביז איצט.

" " "

211 <u>די ייִדישע פרעסע</u>

די צייטונג "פאָלקס-שטימע" גייט אַרויס 4 מאָל אַ וואָך, האָט דעם פאָרמאַט און אויסזען פון אַ רעגולערער טאָגצייטונג, און איז די איינציקע כמעט-טאָגצייטונג אין די לענדער פון "סאָציאַליסטישן בלאָק" וואָס פאָרדינט דעם נאָמען פון אַ טאָגצייטונג (דער "ביראָבידזשאַנער שטערן" זעט אויס ווי אַ פלוגבלעטל). לויט ניט-אָפיציעלע ידיעות ווערט די צייטונג געדרוקט אין 5 טויזנט עקזעמפּלאַרן. דער רעדאַקטאָר פון דער צייטונג איז געווען, ביז דער לעצטער "ציוניסטישער ריי־ניקונג", הערש סמאָליאַר און דער רעדאַקטאָר פון דער "ליטעראַרישער אָפּטיילונג" וואָס איז געדרוקט געוואָרן איין מאָל אַ וואָך, דער ליטעראַטור-קריטיקער ש. בעלים.

הערש סמאָליאַר, בעת זיין באַזוך אין ישראל אין מערץ 1967 דערציילט, אַז זיין צייטונג האָט 1500 אַבאָנענטן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד און דערגרייכט, לויט זיין אָפּשאַצונג, צו אַרום 30 טויזנט סאָוועטיש-ייִדישע לייענערס, - אַ ריזיקע צאָל, אויב די אָפּשאַצונג איז ריכטיק. די צאָל לייענערס אין פוילן מוז אויך זיין אַ פּראָפּאָרציאָנעל הויכע ווען אין דער שטאָט וראָצלאַוו (ברעסלאַו) אַליין זיינען געווען 700 שטענדיקע אַבאָנענטן.

דער זשורנאַל "ייִדישע שריפטן" גייט אַרויס איין מאָל אַ חודש אין 16 גרויסע זייטן און איז געווידמעט ליטעראַטור און ליטעראַטור-קריטיק. אַ חוץ די ייִדישע שרייבערס פון פוילן האָבן זיך דאָרטן געדרוקט אַ סך סאָוועטישע שרייבער און פּאָעטן. נישט-זעלטן איז מער ווי אַ העלפט פון אָפּגעדרוקטן מאַטעריאַל באַשטאַנען פון דערציילונגען, עסייען און לידער פון סאָוועטיש-ייִדישע שרייבערס. די שפּראַך און דער ליטעראַרישער ניוואָ פון דעם זשורנאַל שטייט (הלוואי ווייטער) אויף אַ גאַנץ הויכער מדרגה).

212 דער "ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט" אין וואַרשע גיט אַרויס, ניט רעגולער, אַ זשורנאַל "בלעטער פאַר געשיכטע" וואו עס ווערן געדרוזים אָפּהאַנדלונגען וואָס האָבן בעיקר צו טאָן מיטן לעצטן חורבן און ייִדישן ווידערשטאַנד אין פוילן. עטלעכע מאָל זיינען דאָרטן דערשינען וויכטיקע אַרבעטן פון סאָוועטיש-ייִדישע פאָרשערס וואָס האָבן מסתמא נישט געקענט געדרוקט ווערן אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, ווי למשל, אַן אָפּהאַנדלונג פון פאַרשטאָרבענעם י. קאַנטאָר וועגן דער סאָוועטישער פאָלקסציילונג פון 1959 און אויסצוגן פון אַ גרעסערער אַרבעט פון סאָוועטיש-ייִדישן היסטאָריקער י. סאָסיס וועגן דער געשיכטע פון ייִדן אין רוסלאַנד.

צווישן די פויליש-ייִדישע היסטאָריקער פון לעצטן פעריאָד איז בולט געווען די געשטאַלט פון פאַרשטאָרבענעם בער מאַרק. ער האָט פאַרעפנטלעכט עטלעכע גאָר ווערטיקע חיבורים פון דער ייִדישער געשיכטע. חוץ אים זיינען אין און אַרום ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט געווען טעטיק נאָך אַנדערע טאַלאַנטירטע פאָרשערס, ווי ד"ר א. אייזענבאַך, א. רוטקאָווסקי און עטלעכע גאָר יונגע, אָנהייבנדיקע ייִדישע פאָרשערס.

" " "

## 213 דער פֿאַרלאַג „ייִדיש בוך“

ערשט ניט־לאַנג צוריק האָט דער פֿאַרלאַג „ייִדיש בוך“ געפֿייערט
זײַן 20־יאָריקע עקזיסטענץ. דער פֿאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן אַ גרויסע
צאָל ביכער במשך די 20 יאָר – 350. פּוילן מיט איר גאָר קלײנער ייִדי־
שער באַפֿעלקערונג איז, צווישן אַלע ייִדישע ישובים געשטאַנען אויפֿן
פֿערטן אָרט אין ייִדישער ביכער־פּראָדוקציע (נאָך די פֿאַראײניקטע שטאַטן,
אַרגענטינע און ישׂראל). אחוץ די 350 ביכער האָט דער פֿאַרלאַג „ייִדיש
בוך“ האָט אַרויסגעגעבן זײַנען אין פּוילן אַרויס נאָך אַרום 50 ייִדישע
ביכער אין די פֿאַרלאַגן „דאָס נײַע לעבן“ אין לאָדזש און „נידערשלע־
זיע“ אין װראָצלאַװ, װאָס זײַנען געװען טעטיק אַ קורצע צײַט נאָך דער
מלחמה, און דורכן פּױלישן מלוכה־פֿאַרלאַג װאָס האָט אָפּגעדרוקט אַ צאָל
ייִדישע שול־ביכער. אין סך־הכּל זײַנען אָפּגעדרוקט געװאָרן אין דעם
פּעריאָד 1 1/2 מיליאָן עקזעמפּלאַרן ייִדישע ביכער.

די דורכשניטלעכע אויפֿלאַגע פֿון אַ בוך איז 2500־5000 עק־
זעמפּלאַרן. געצײלטע ביכער זײַנען אַרויס אין אַ גרעסערער צאָל (ביז
10 טויזנט). דער פֿאַרלאַג פֿאַרמאָגט 2500 אַבאָנענטן װאָס נעמען אָפּ
פֿאַר אַ יערלעכן אָפּצאָל אַלע ביכער װאָס דער פֿאַרלאַג גיט אַרויס. פֿון
די אַרויסגעגעבענע ביכער זײַנען 20 ביכער דערשינען בשותּפֿות מיט
פֿאַרלאַגן פֿון אַנדערע לענדער: סאָװעטן־פֿאַרבאַנד, פֿאַראײניקטע שטאַטן,
פֿראַנקרײַך, קאַנאַדע.

אין אַן אויפֿרוף װאָס דער פֿאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן צו זײַן
20־יאָריקן יובֿל זאָגט זיך אַזוי װעגן די פּלענער אויף להבא:

> אונדזער פֿאַרלאַגס־פּלאַן אויפֿן 1968 יאָר נעמט
> אַרום אַ היפּשע צאָל ביכער־פּאָזיציעס פֿון די העכער
> 40 אַרײַנגעפֿלאָסענע און באַשטעטיקטע דורך דער רעדאַק־
> ציע פֿון פֿאַרלאַג כּתבֿ־ידן. צװישן די פּלאַנירטע בי־
> כער געפֿינען זיך: אַ פּראַכט־אויסגאַבע פֿון מענדעלע
> מוכר־ספֿרים „די קליאַטשע“, מיט אילוסטראַציעס פֿון רפֿאל
> כװאַלעס און קריטישע באַמערקונגען װעגן מענדעלען;
> „שרײַבער און װערק“ פֿון דער ייִדיש־סאָװעטישער ליטעראַ־
> טור־קריטיקערין רבֿקה רובין; „די אָקטאָבער־רעװאָלוציע
> אין דער ייִדישער ליטעראַטור“ פֿון הערש רעמעניק.

כּדי צו באַערן דעם 25סטן יאָרטאָג פֿון דעם אויפֿשטאַנד אין
װאַרשעװער געטאָ דאַרפֿן דערשײַנען במשך פֿון יאָר 1968 אַזעלכע ביכער;
פּראָפֿ' בער מאַרק – „מגילת אָשװענטשים“; שלמה שטראַוס־מאַרק – „פּוי־
לישע ייִדן אין די װעלדער“; יוסף גאָלדקאָרן – „מקום מקלט“; אַ ספּעציע־
לע אויסגאַבע פֿון „בלעטער פֿאַר געשיכטע“ געװידמעט דעם ייִדישן אָנטײל
אין דער װידערשטאַנד־באַװעגונג און דאָס לאַנג־דערװאַרטעטע מאָנומענ־
טאַלע װערק „אומקום“, געװידמעט דעם קאַמף און מאַרטיראָלאָגיע פֿון פּוי־
לישן ייִדנטום בעת דער היטלער־אָקופּאַציע. אַ חוץ דעם דאַרפֿן געדרוקט
װערן די ביכער „מענטשן פֿון קפּ“פּ“ פֿון שמעון זאַכאַריאַש און „פּראָ־
בלעמען פֿון דער ייִדישער אַרבעטער־באַװעגונג אין פּוילן אין די יאָרן
1918־1923“.

עס װערט געמאָלדן, אַז עס װערן חײַט אַנאָנסירט די צוגרײטונגען
צום אַרויסגעבן אַזעלכע ביכער: אײַזיק מעריזשאַן – „דער אַלטער דאָקטאָר“
(װעגן לעבן און שאַפֿן פֿון יאַנוש קאָרטשאַק); י. גאָרדין־לענאָװיטש –
„מענטשן פֿון מײַן דור“; ב. נאַדעל – „עיקרים און פּראָבלעמען פֿון
שפּראַכװיסנשאַפֿט“; ליובאַ בורשטין – אַ זאַמלונג ייִדישע פֿאָלקס־לידער;

א. ראקאװסקי ־ ײדיש־פױליש־ײדישער װערטערבוך; א
קינסטלערישער אלבום פון רפאל כװאלעס; פּאָעזיע: ביכער פון משה
בראָדערזאָן, משה שקליאַר און ײדל זינגער און א פּראָזע־בוך פון י
פינער „אונטער די הימלען פון פּאַריז״.

״ ״ ״

## 214 דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד

מיטן קולטור־לעבן פירט אָן „דער ײדישער קולטור־געזעלשאַפט־
לעכער פאַרבאַנד״ סײ דירעקט און סײ דורך זײַן קולטור־קאָמיסיע.

דער „פאַרבאַנד האָט 26 אָפּטײלונגען אין א צאָל שטעט. די
גרעסטע און טעטיקסטע אָפּטײלונגען געפינען זיך אין די שטעט מיט א
גרעסערער ײדישער באַפעלקערונג, ד״ה אין װראָצלאַװ, לאָדזש, װאַרשע,
װאַלבזשיך, ליגניץ, גליװיץ. געװיסע אָפּטײלונגען װאָס געפינען זיך
אין שטעט װאו די ײדישע באַפעלקערונג צײלט בלויז עטלעכע צענדליק
נפשות פירן כמעט נישט קײן שום טעטיקײטן (למשל אין ביעלאַװע, קלאָצק,
לובלין, גדאַנסק.

אין 1967 האָט דער „פאַרבאַנד״ צוגעקומען א צאָל נײַע מיטגלי־
דער. אזוי, למשל, האָט די „פאָלקס־שטימע״ איבערגעגעבן (דעם 2־טן
מערץ 1967), אז א װאַרשעװער אָפּטײלונג פון „פאַרבאַנד״ האָט פריער גע־
צײלט 1517 מיטגלידער און „לעצטנס״ (ד״ה מיט 2 חדשים שפּעטער) זײַ־
נען צוגעקומען 60 נײַע מיטגלידער, בתוכם 29 סטודענטן.

בײַם „פאַרבאַנד״ זײַנען טעטיק אלע עקזיסטירנדיקע אמאַטאָרן־
גרופּעס, סײ פון עלטערע מיטגלידער און סײ יוגנט־גרופּעס. א צאָל
קלובן האָבן אויך פּרויעקציע־סעקציעס און לײענער־קרײַזן.

פאַר אזא קלײנעם ישוב, װאו בלויז עטלעכע טויזנט ײדן האָבן זיך
אויסגעלעבט אין דער ײדישער און נים פוילישער קולטור, איז די גרופּע
טוערס אין „ײדישן סעקטאָר״ פון פוילן געװען אַנזעעװדיק אין כמות און
אין איכות (סטאַזש, אָרגאַניזאַציע־פעאיקײטן, דערפאַרונג). דאָס איז
געװען אײנע פון די װיכטיקסטע סיבות פון דער ביז איצטיקער רירעװדי־
קײט פון ײדישן סעקטאָר.

״ ״ ״

## 215 זומער־קאָלאָניעס פאַר ײדישע קינדער און יוגנטלעכע

דער „ײדישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד״ האָט אָרגאַני־
זירט זומער־קאָלאָניעס פאַר ײדישע קינדער און יוגנטלעכע. אזוי ארום
האָבן, אין די זומער־חדשים, די ײדישע קינדער און יוגנטלעכע געהאַט
א מעגלעכקײט זיך נעענטער צו באַקענען מיט דער ײדישער געשיכטע און
שפּראַך. לויט דער אינפאָרמאַציע װאָס איז אָנגעגעבן אין דער „פאָלקס־
שטימע״ איז דער דעמאָגראַפישער פונדאַמענט־טײל פון דער ײדישער באַפעל־
קערונג אין פוילן א זײער אומנאָרמאַלער; די ײדישע יוגנט אין עלטער
פון 14 ביז 24 יאָר באַטרעפט קרוב 30 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל
ײדן אין לאַנד, אָבער גאָר קלײן אין צאָל זײַנען די עלטער־גרופּן פון

25 ביז 40 יאָר און פון קינדער ביז 14 יאָר. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, א רעזולטאַט פון דעם חורבן און יידישער אויסוואַנדערונג. דער פאַקט אָבער וואָס עס איז פאַראַן א פּראָפּאָרציאָנעל גרעסערע צאָל יידישע יוגנטלעכע וואָס זיינען אין זייערע פאָרמאַטיווע יאָרן (14-24) און שאַפן אַזוי אַרום א רעלאַטיוו גרעסערן רעזערוואַר פאַר מעגלעכע יידישע קאָנסומענטן, איז פון גרויסן באַטייט פאַר דעם קליינעם יידישן ישוב אין פוילן.

אין שרודבאָראָוו ביי וואַרשע געפינט זיך א צענטראַלע קאָלאָניע, דאָרט איז אויך פאַראַן דער שולונג-צענטער פון „פאַרבאַנד". אויך „ווינטער-לאַגערן" ווערן אָרגאַניזירט אויף דער צייט פון די ווינטער-וואַקאַציעס (אין 1967 אין זשאַרי).

" " "

216 קורסן צו דערלערנען די יידישע שפּראַך

לויט דער אינפאָרמאַציע פון לייב דאָמב, דעם פאָרזיצער פון „קולטור-געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד" (אין דער „פאָלקס-שטימע" נומער 4, 1968) זיינען אין יאַנואַר 1968 געווען טעטיק רעגולערע קורסן צו דערלערנען די יידישע שפּראַך אין 17 שטעט. דער רוב פון די קורסן זיינען געווען ניי-אָרגאַניזירטע, און א טייל פון זיי אין שטעט וואו די יידישע באַפעלקערונג איז גאָר א קליינע. אויף די קורסן לערנען זיך דער עיקר שילער פון די העכערע קלאַסן מיטלשול (ליצעום). עס זיי-נען אויך פאַראַן יידיש-קורסן ביי די יידישע סטודענטן-קלובן. אויף א קליינער צאָל קורסן לערנען זיך קינדער פון 8 ביז 12 יאָר.

דער וואַרשעווער יידישער יוגנט-קלוב „באַבעל" (דער זעלביקער וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן פון דער פוילישער רעגירונג און פּרע-סע, אַז ער האָט עס אַרויסגערופן די גרויסע סטודענטישע פּראָטעסט-באַוועגונג אין פוילן) האָט, לויט א באַריכט („פאָלקס-שטימע" 18טן פעברואַר 1967), געפירט אַזא יידישע טעטיקייט אין די חדשים פאַרן באַריכט: צוויי קורסן צו דערלערנען די יידישע שפּראַך, לעקציעס פון יידישער געשיכטע, צוזאַמענטרעפן מיט יידישע שרייבערס און אַרטיסטן, מיט פאַרשטייערס פון די רעדאַקציעס „פאָלקס-שטימע" און „נאַש גלאָס" (א פוילישע ביילאַגע צו דער פ"ש), באַזוכן אַלע פאָרשטעלונגען פון יידישן טעאַטער און דערנאָך פירן דיסקוסיעס וועגן די פאָרשטעלונגען מיטן אַנטייל פון די אַרטיסטן פון יידישן טעאַטער. אין די רעפעראַטן און שמועסן זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אויך אַזעלכע טעמעס, ווי די פראַגע פון אַסימילאַציע, דער אַנטייל פון יידן אין דער פוילישער קול-טור, פּראָבלעמען פון יידישער מאַרטיראָלאָגיע און ווידערשטאַנד. אויפן וואונטש פון די וואַרשעווער און לאָדזשער יידישע סטודענטן וואָס מאַכן דורך א קורס פון יידישער געשיכטע און יידישער ליטעראַטור, האָט דער „פאַרבאַנד" אָרגאַניזירט א זונטיק-אוניווערסיטעט וואו די לעקציעס ווערן פאָרקומען צוויי מאָל א חודש אין שולונג-צענטער אין שרודבאָראָוו.

ביים 5-טן לאַנד-צוזאַמענפאָר פון קולטור-געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד איז אָנגענומען געוואָרן א באַשלוס, אַז „עס זאָלן געשאַפן ווערן נאָכמיטאָג-קלאַסן ביי די קינדער- און יוגנט-קלובן צו דערלער-נען די יידישע שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע אין אַלע ערטער וואו עס זיינען נישטאָ קיין יידישע שולן". עס זיינען דערנאָך געשאַפן

געװאָרן אַזעלכע קורסן אויך אין עטלעכע שטעט װאו עס זײנען
פאַראַן ײדישע מלוכה-שולן (לאָדזש, װראָצלאַװ).

לויט די פּוילישע געזעצן איז די מלוכה מחויב צו פאַרזיכערן
מלוכה-שולן אין דער מוטער-שפּראַך דאָרט װאו עס איז דאָ אַ גענוגנדי-
קע צאָל קינדער און דאָרט װאו עס איז נישט פאַראַן גענוג קינדער פאַר
אַ שול, צו אָרגאַניזירן אויפן חשבון פון דער מלוכה קלאַסן צו דער-
לערנען די מוטער-שפּראַך, ליטעראַטור און געשיכטע פון דער געגעבע-
נער נאַציאָנאַלער מינדערהײט.

" " "

## די ײדישע אַמאַטאָרן-גרופּעס 217

אַמאַטאָרן-גרופּעס פון געזאַנג, שפּיל און טאַנץ זײנען טעטיק בײ
אַ צאָל קלובן פון „פאַרבאַנד". זײ טײלן זיך אײן אין צװײ הויפּט-גרו-
פּעס: פון עלטערע און יוגנטלעכע. עטלעכע גרופּעס פירן אָן אַ לעב-
האַפטיקע טעטיקײט, װי למשל די װראָצלאַװער, שטעטשינער און שװידני-
צער דראַמאַטישע קרײזן, און דער יוגנט-אַנסאַמבל פון ליגניץ. אין
יאַנואַר 1967 איז געפײערט געװאָרן אין װאַרשעװער ײדישן מלוכה-טעאַטער
די 20-יאָריקע עקזיסטענץ פון ײדישער אַמאַטאָרן-קונסט אין פּוילן.
אין זעלביקן יאָר איז דער ײדישער יוגנט-אַנסאַמבל פון ליגניץ (30
פּערזאָן) געפאָרן אויף אַ קאָנצערט-טור קײן פראַנקרײך און בעלגיע, און
האָט שטאַרק אויסגענומען בײם עולם.

לויט דער לעצטער אינפאָרמאַציע האָבן עקזיסטירט אין די אָפּטײ-
לונגען פון „פאַרבאַנד" 9 דראַמאַטישע קרײזן און 5 כאָרן (צװײ נײע
קרײזן זײנען צוגעקומען אין װאַרשע און זשאַרי).

די יוגנט-גרופּעס (יוגנט-אַנסאַמבלען) טרעטן געװײנלעך אויף
בײ גרעסערע אונטערנעמונגען פון „פאַרבאַנד", װען עס װערן באַצײכנט
ספּעציעלע דאַטעס און יובילעומס. אַ גרעסערע צאָל יוגנטלעכע געהערן
צו זײ און עטלעכע אַנסאַמבלען האָבן דערגרײכט אַ גאַנץ הויכע קינסט-
לערישע מדרגה, װי למשל, דער יוגנט-אַנסאַמבל פון ליגניץ װאָס האָט
געװאונען דאָס ערשטע אָרט אינעם קאָנקורס פון קינסטלערישע יוגנט-
און שול-אַנסאַמבלען.

" " "

## ביבליאָטעקן 218

עס זײנען פאַראַן 22 ביבליאָטעקן, פון װעלכע 6 װערן אויסגע-
האַלטן דורך די אָרטיקע נאַציאָנאַל-ראַטן און 10 געהערן דירעקט צום
„פאַרבאַנד". די לעצטע באַקומען ניט קײן שטיצע. די ביבליאָטעקן אין
לאָדזש, שװידניץ און זשאַרי, װערט דערצײלט, פירן אַ גוטע אַרבעט, די
ביבליאָטעק אין װראָצלאַװ, װאָס האָט די גרעסטע ײדישע באַפעלקערונג אין
לאַנד, איז אַן אָפּטײלונג פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק. זי געפינט
זיך אין אַ שװערן מצב.

אַלע ביבליאָטעקן האָבן ניט גענוג ײדישע ביכער. עס קומען
כמעט נישט צו קײן נײע ביכער, די פאַראַנענע ביכער זײנען נישט גע-
נוג צו באַפרידיקן די באַדערפעניש פון די לײענערס.

" " "

## דער ייִדישער מלוכה־טעאַטער



דער ייִדישער מלוכה־טעאַטער א"נ אסתּר־רחל קאַמינסקי האָט זיין סטאַבילן זיצאָרט אין וואַרשע און גיט אויפפירונגען אין די שטעט פון פוילן וואו עס געפינען זיך גרעסערע ייִדישע קיבוצים. די טרופע איז אויך געווען אויף גאַסטראָלן אין אויסלאַנד און לעצטנס אין ניו־יאָרק (אָבער קיין מאָל נישט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד).

דער טעאַטער ווערט אָנגעפירט פון אידא קאַמינסקאַ, וואָס איז געווען א באַקאַנטע אַקטריסע נאָך פאַר דער מלחמה און האָט צוזאַמען מיט זיגמונט טורקאָוו געגרינדעט דעם ייִדישן טעאַטער „וויקט" (וואַרשעווער ייִדישער קונסט־טעאַטער). זי האָט אויך רעזשיסירט און איבערגעזעצט פיעסעס פון אַנדערע שפּראַכן. לעצטנס איז זי געוואָרן וועלט־באַרימט אין טשעכישן פילם „דאָס געוועלב אויף דער הויפּט־גאַס".

דער ייִדישער טעאַטער אין פוילן און אויך זיין אָנפירערין און אָפּטמאָליקע רעזשיסערין אידא קאַמינסקאַ, איז גוט באַקאַנט איבער דער ייִדישער וועלט און ווערט אָנערקענט ווי דער בעסטער שטענדיקער ייִדישער טעאַטער אין דער וועלט (פאַראַן בלויז נאָך איין סטאַבילער מלוכהשער טעאַטער אין רומעניע און א גרעסערע צאָל גוטע טעאַטער־אַנסאַמבלען אין אַמעריקע, אַרגענטינע, ישראל און סאָוועטן־פאַרבאַנד).

מיר וועלן דאָ ברענגען א צאָל פאַקטן לויט דער אינפאָרמאַציע וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון די אָנפירערס פון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער.

ביים טעאַטער געפינט זיך א טעאַטער־סטודיאַ אין וועלכער עס לערנען זיך א צאָל יונגע בחורים און מיידלעך טעאַטער־קונסט. די לעקציעס ווערן געפירט אין ייִדיש און פויליש. עס ווערן אויך געלערנט ייִדיש לשון, ייִדישע ליטעראַטור און די געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער. נאָכן פאַרענדיקן דעם קורס פון די לימודים דאַרף יעדער סטודענט אויסהאַלטן א מלוכהשן טעאַטער־עקזאַמען וואָס גיט דאָס רעכט אויפצוטרעטן אין א טעאַטער. דער ייִדישער טעאַטער איז זיך מחייב צו געבן 150 פאָרשטעלונגען א יאָר אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ. ניט־זעלטן קומען אויך פּאָליאַקן צו די פאָרשטעלונגען און זיי באַנוצן זיך מיט הער־רערלעך וואָס גיבן איבער א לויפנדיקע איבערזעצונג פון דעם וואָס ווערט געזאָגט אויף דער בינע.

דער אַקטיאָר און רעזשיסער פון וואַרשעווער ייִדישן טעאַטער יצחק דגים האָט אָפּגעדרוקט א בריוו אין דער אַמעריקאַנער ייִדישער פּרעסע אין וועלכן ער לייקנט אָפּ דעם פאָרוואורף, אַז עס ווערן געשפּילט וויניק פּיעסן אויף ייִדישע טעמעס. ער גיט איבער די פאָלגנדיקע רשימה פון פּיעסן וואָס זיינען געשפּילט געוואָרן אין וואַרשעווער טעאַטער אין משך פון די לעצטע צען יאָר:

1.שלום עליכם, סענדער בלאַנק; 2. א. גאָלדפאַדען, צוויי קוני־לעמלעך; 3.א. קאַציזנע, דעם ייִדנס אָפּערע; 4. י. פרעגער, מלך פריטעק;5. פ.וואָלף,פּראָפעסאָר מאַמלאָק; 6. ש. אַנסקי, דער דיבוק; 7. ק. גוצקאָוו, אוריאל אַקאָסטאַ; 8. מ. באַומאַן, גליקל האַמעלן; 9. שלום־עליכם, שווער צו זיין א ייד; 10. א גאָלדפאַדען־חלום; 11. ש. דיאַמאַנט, א ווינטער־נאַכט; 12. מענדעלע מוכר־ספרים, די טרוימער פון קאַבצאַנסק (אינסצעניזירט); 13. ח. סלאָוועס, ברוך פון אַמסטערדאַם; 14. פרץ הירשביין, גרינע פעלדער; 15. מ. דלוזשנאָווסקי, די איינזאַמע שיף; 16.שלום־עליכם, טביה דער מילכיקער; 17.

שלום-עליכם, דאס גרויסע געווינס; 18. אסיפ דימאוו,
יאשקע מוזיקאנט; 19. י. גארדין, אן א היים; 20.
ש. עטינגער, סערקעלע; 21. מ. מירסקי, חשבון;
22. יוסף אפאטאשו, אין פוילישע וועלדער (אינסצע-
ניזירט); 23. מ. געבירטיג, דאס ליד איז געבליבן
(אינסצעניזירט); 24. פרץ הירשביין, די פוסטע
קרעטשמע; 25. א. גראנעמאן, יעקב און עשו; 26.
י.ל. פרץ, שוועסטער (אינסצעניזירט לויט נאוועלן);
27. אידא קאמינסקא, פארשיטן די בונקערס; 28.
ד"ר קאנפינא (א יוגאסלאווישער ייד), דער עקספע-
רימענט; 29. א. טיילאר (אן ענגלישער ייד), מיס-
טער דוד; 30. שלום-עליכם, שכנים און מענטשן
(אינסצעניזירט לויט א ריי אין-אקטערס); 31. שלום-
עליכם, 13 פעפלעך דוקאטן; 32. ש. אנסקי, טאג
און נאכט; 33. י. לאטיינער, שרה-שיינדל פון יע-
הופעץ; 34. אי. באבעל, כ'בין געבוירן אין אדעס
(אינסצעניזירט זיינע יידישע דערציילונגען); 35.
ש. האלקין, בר-כוכבא; 36. אפרים קישין (א
ישראלדיקער ייד), די כתובה; 37. י. גארדין, מי-
רעלע אפרת.

אין אלגעמיין זיינען אין דעם פעריאד אויפגעפירט געווארן 44 פיעסן.

דער איצטיקער רעפערטואר פון ווארשעווער יידישן טעאטער נעמט
ארייַן צווו"א אזעלכע פיעסעס: א גאלדפאדן חלום; מיסטער דוד; ביימער
שטארבן שטייענדיק; רעטעכלעך מיט סמעטענע; וואלפצנע.

דער 50-סטער יובל פון אידא קאמינסקאס טעאטראלער טעטיקייט
איז געפייערט געווארן אויף אן אנגעזעענעם אופן אין פוילן, מיט
פארזאמלונגען, באגריסונגען און ארטיקלען אין דער פרעסע. דער
פארלאג „יידיש בוך" האט לכבוד דער געלעגנהייט ארויסגעגעבן אן אל-
בום מיט "בילדער און ארטיקלען אין יידיש און פויליש.

אידא קאמינסקא האט מיט איר טאלאנט א ביסל פארטונקלט די
אנדערע טאלאנטירטע בינע-מענטשן אין ווארשעווער יידישן טעאטער.
זי אליין, אן די אנדערע טאלאנטירטע אקטיארן און רעזשיסערן, ווי
למשל, דער רעזשיסער יעקב ראטבאום און דער אקטיאר בוזגאן און
נאך עטלעכע אנדערע, וואלט נישט געקענט מאכן פון דעם טעאטער דאס
וואס עס איז געווארן.

" " "

## 220 יידישע שולן

אין פוילן איז א צייט געווען א גרעסערע צאל יידישע שולן.
די יידישע „רעפאטריאנטן" פון סאוועט-רוסלאנד וואס פלעגן אנקומען
קיין פוילן "מיט קינדער וואס האבן נישט געקענט קיין פויליש, האבן
לרוב געשיקט זייערע קינדער אין די יידישע שולן -, אויב א יידישע
שול האט זיך געפונען אין דער שטאט וואו זיי האבן געוואוינט. די
צאל תלמידים אין די שולן האט זיך אבער פון יאר צו יאר פארקלע-
נערט, צוזאמען מיט דער פארקלענערונג פון דער יידישער באפעלקע-
רונג אין לאנד. וועגן איצטיקן מצב פון די יידישע שולן אין לאנד,

האָבן מיר לײדער נים קײן גענױע אינפאָרמאציע. מיר חײסן, אז אין
חראָצלאַח און אין לאָדזש געפינען זיך נאָך ײדישע מיטלשולן (מלוכהשע
ליצײען). מיר חײסן, אז אין א צאָל קלאסן פון די ײדישע שולן זײנען
נישטאָ גענוג תלמידים צ.ו שאפן א קלאס און די שילערס נעמען געװיסע
לימודים אין די פױלישע שולן, מיר חײסן אױך פון דער פױליש-
ײדישער פרעסע, אז עס פעלן שטארק אױס לערערס און שול-מכשירים.
װיפל תלמידים זײנען איצט פאראן אין די ײדיש-שולן חײסן מיר נישט.
מיר חײסן אױך נישט צי ס'זײנען פאָרגעקומען ענדערונגען אין לערן-פראָ-
גראם. מיט א צײט צוריק איז דער ײדישער קוריקולום געװען נישט-
שלעכט, מען האָט אפילו געלערנט א ביסל עברית און גאַנץ גענוי ײדישע
געשיכטע. דעם 5טן מערץ 1967 האָט די „פאָלקס-שטימע" איבערגעגעבן
װעגן „די פאָרשריטן אין די לימודים פון ײדיש, ײדישע געשיכטע און
ײדישע ליטעראטור" אין חראָצלאװער ײדישן מלוכה-ליצײ. נישט־אָפטע
אינפאָרמאציע װעגן די ײדישע שולן װאָס מיר האָבן געפונען אין דער
„פאָלקס-שטימע" דערצײלן װעגן די שולן אין חראָצלאַח און אין לאָדזש,
אין די צװײ שטעט װאו עס געפינען זיך די גרעסטע ײדישע ישובים.

דער אױבן געבראכטער סך-הכל איז, פארשטײט זיך, נישט קײן
פולער. ער גיט אָבער א השגה װעגן די פארצװײגטע - רעלאטיװ צו דער
גרױס פון דער ײדישער באפעלקערונג - ײדישע קולטור-טעטיקײטן אין
פױלן. װאָס די צוקונפט װעט ברענגען, קען מען נישט װיסן. בכל
אופן איז דאָס קאפיטל „ײדישע קולטור אין פױלן נאָך דער מלחמה" אן
אינטערעסאנט קאפיטל געשיכטע און נאָך אײן באװײז פון דער אומפאר-
גלײכלעכער װיטאליטעט און ענערגיע פון פױלישן ײדנטום, א װיטאליטעט
װאָס גיט פירות אפילו אױף א באגרענעצטן און שטײניקן שטיקל באָדן.

- . - . -

## 20 יאָר אלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס

דער אלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס וועט הײַ־יאָר פּײַערן
דעם 20 סטן יובל פון זײַן גרינדונג. אין יאָר 1948 איז בײַ א וועלט־
צוזאמענפאָר אין ניו־יאָרק, בײַ וועלכן עס זײַנען געווען פארטראָטן פאָר־
שטײַער פון עטלעכע צענדליק יידישע ישובים, געגרינדעט געוואָרן א נײַע
קולטור־אָרגאניזאציע מיט א הויפּט־ביוראָ אין ניו־יאָרק און אָפּטײַלונ־
גען אין בוענאָס־אײַרעס און פּאריז. במשך פון די צוויי צענדליק יאָר
האָט דער קולטור־קאָנגרעס אנטוויקלט אן אײַנגארטיקע טעטיקײַט, אויף
פארשײַדענע געביטן אין יידישן קולטור־לעבן.

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דער קולטור־קאָנגרעס בײַם הײַנטיקן
טאָג? וויל מען, קען מען זאָגן, אז דער קולטור־קאָנגרעס איז א וויכ־
טיקער יידישער פארלאַג! והראיה, אָט האָט ער ארויסגעגעבן קרובֿ צו אַן ט
70 בענד אויף די געביטן פון דער יידישער געשיכטע, ליטעראַטור־פאָרשונג,
שײַנער יידישער ליטעראַטור און יידישער דערציאונג. וויל מען, קען מען
אָנרופן דעם קולטור־קאָנגרעס א ליטעראַרישע געזעלשאַפט, וואָס פירט דורך
עפנטלעכע אָוונטן פאַר יידישע שרײַבער, אויף וועלכע מען האָט הנאה פון
דער יידישער וואָרטשאַפונג און מען דיסקוטירט פּראָבלעמען פון דער יידישער
ליטעראַטור. די ליטעראַרישע יום־טובים זײַנען א וויכטיקע דערשײַנונג,
זיי טראָגן אַרײַן אין פאָלק ליבשאַפט און נאָענטקײַט צו אונדזער מאָדערנעם
יידישן ליטעראַטור־שאַפן.

אנדערע קענען זאָגן, אז די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון קולטור־
קאָנגרעס איז גאָר דער קאַמף פאַר רעכט פון יידיש, דער קאַמף פאַר דער
חשיבות פון אונדזער פאָלקס־לשון. דער דאָזיקער מאָמענט האָט פארנומען
במשך פון פארגאַנגענע יאָרן א גרויסן אָרט אין די טעטיקײַטן פון אונדזער
אָרגאניזאציע. ווען די אמעריקאַנער יידישע געמײַנדע האָט נאָך געשוויגן און
זיך ניט אָפּגערופן אויף דער אויסראָטונג פון דער יידישער קולטור און
דעם מאָרד פון יידישע שרײַבער אין סאָוועטן־פארבאַנד, ־ האָט דער קולטור־
קאָנגרעס שוין אָרגאניזירט גרויסע פּראָטעסט־פארזאמלונגען, געקליבן
צענדליקער אונטערשריפטן פון פּראָמינענטע אמעריקאַנער שריפטשטעלער,
גײַסטלעכע, פּרעזידענטן פון אוניווערסיטעטן אד״גל. מיר זײַנען צופרידן
וואָס די פּראָטעסט־באַוועגונג האָט ארומגענומען בײַם הײַנטיקן טאָג די גאַנצע
יידישע געמײַנדע; אלע ווײסן שוין, אז מען קען ניט שווײַגן ווען כמעט צוויי
און א האַלב מיליאָן פון אונדזער פאָלק לעבן אָן דער מעגלעכקײַט אויפצו־
היטן זיך ווי א נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו, האָדעווען זײַערע קינדער ווי יידן,
לערנען זיי אפילו דעם יידישן אלף־בית, האָבן א יידישן לוח, שוין אָפּגע־
רעדט פון פארמאָגן די מעגלעכקײַט און רעכט אויף א יידישן טעאַטער, א
יידישע טעגלעכע פּרעסע, יידישע קולטור־פאראײַנען אד״גל. עס קומט גע־
זעלשאַפטלעכע אנערקענונג און כבוד די אָרגאניזאציעס אין יידישן לעבן
פון אמעריקע, וואָס האָבן די ערשטע דערפילט דאָס געבאָט פון דער יידישער
אחריות און גענומען וועקן אין א גלײַכגילטיקער, אפּאַטישער סביבה און
מאָנען רעכט פאַר אונדזער קולטור און פאַר אונדזער שפּראַך אין סאָוועטן־
רוסלאַנד.

עס זײַנען פאַראַן חסידים פון קולטור־קאָנגרעס וועלכע האַלטן, אז
די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון דער אָרגאניזאציע בײַם הײַנטיקן טאָג איז די

דערציאונג פון יונגן ייִדישן דור. א פֿאָלק וואָס האָט ניט די יוגנט
מיט זיך, ווייסן מיר, האָט ניט קיין צוקונפֿט.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויפֿן געביט פֿון דערציאונג געמוזט
ארויסגיין פון דער הנחה, אז עס זיינען שוין פאראן אויטאָנאָמע און
פאראנטוואָרטלעכע קערפערשאפטן און באוועגונגען, וועלכע פירן אָן מיט
די ייִדישע קינדער־שולן – צי דאָס איז דער שלום־עליכם־אינסטיטוט, צי
די ארבעטער־רינג־שול־באוועגונג, צי די שול באוועגונג פון דער ציוני־
סטישער ארבעטערשאפט. וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט געקאָנט אויפֿ־
טאָן איז צו שאפן אן אטמאָספער פון דערנענטערונג, פארשטענדיקונג
און מיטארבעט; ארויסשטעלן די פאָדערונג, אז די דערציאונג זאָל טראָגן
א גרויסן נאציאָנאלן און פאָלקס־כאראקטער. דער קולטור־קאָנגרעס און
זיין שול־צענטער זיינען אויך געוואָרן די רעפרעזענטאנטן און די פֿיר־
שפרעכער פאר דער אידעע פון דער ייִדישער שול און פאר אירע רעכט.

די דאָזיקע שליחות האָט דער קולטור־קאָנגרעס דערפילט, ניט איין
מאָל, ביי פארשיידענע נאציאָנאלע צוזאמענפאָרן אין די פאראייניקטע שטאטן
און ביים וועלט־צוזאמענפאר וואָס איז מיט 6 יאָר צוריק אָפגעהאלטן גע־
וואָרן אין ירושלים. עס איז אינטערעסאנט, אז ביי יענעם צוזאמענפאָר
זיינען אָפגעהאלטן געוואָרן דריי ספעציעלע בארואטונגען פון די דעלעגא־
ציעס, וואָס האָבן פארטראָטן די מאָדערנע ייִדישע שולן, עס איז כדי אויס־
צורעכענען די לענדער, פון וועלכע די דעלעגאציעס זיינען געקומען: די
פאראייניקטע שטאטן, ארגענטינע, קאנאדע, מעקסיקע, בראזיל, פראנקרייך.
דורך די דעלעגאציעס איז געקומען צום וועלט־צוזאמענפאר, וואָס האָט
פארטראָטן די ווייטסטע ייִדישע ישובים (אזוי ווייט ווי איראן, אינדיע,
שוועדן), א גרוס פון דער מאָדערנער ייִדישער שול וואָס פאראייניקט אין
איר קוריקולום די קענטשאפט פון דער ייִדישער געשיכטע צוזאמען מיט
דער ליבשאפט צו אונדזער פאָלקס־ליטעראטור, דעם באוואוסטזיין פון דער
ייִדישער נבואה צוזאמען מיט א באקאנטשאפט פון די מאָדערנע סאציאַלע
און נאציאָנאלע באוועגונגען ביי ייִדן היינט צו טאָג. דער עיקר אבער,
די דעלעגאציעס האָבן געבראכט דעם גרוס פון דער ייִדישער שול אויף די
פארשיידענע קאָנטינענטן, וואָס ווילן אויפהאלטן די קולטור־ירושה פון
טויזנט יאָר אשכנז און צוזאמען מיט דעם די שענסטע שאפונג פון
אשכנזישן ייִדנטום – אונדזער פאָלקס־לשון ייִדיש!

קען מען פרעגן, – וואָס איז טאקע אין דער אמתן דער אלוועלטלע־
כער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס? א ביכער־פארלאג, א ליטעראטור־געזעל־
שאפט, א געזעלשאפט צו פאָרבעסערן דעם ייִדישן חינוך, א קאָנגרעס וואָס
קעמפט פאר די רעכט פון ייִדישן קולטורעלן המשך, און אונדזערע רעכט
אויפצוהיטן זיך ווי א קולטור־עדה אומעטום וואו אונדז איז באשערט
צו לעבן. דער קולטור־קאָנגרעס איז דאָס אלץ צוזאמען און ער איז
אויך א סך מער ווי דאָס.

ווען דער קולטור־קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן ביי א וועלט־
צוזאמענפאָר אין ניו־יאָרק, וואָס איז אָפגעהאלטן געוואָרן מיט 20 יאָר
צוריק, זיינען אין דער אָנפירונג געשטאנען אזעלכע וויכטיקע פערזענלעכ־
קייטן אין ייִדישן לעבן, ווי: ה. לייוויק, שמואל ניגער, דוד פינסקי,
י. אָפאטאָשו, פראָפ' הערש ליבמאן, מנחם, אברהם רייזען, יעקב פאט, ב.
טאבאטשינסקי, ד״ר ש. מארגאָשעס – דערמאָנענדיק בלויז די וואָס זיינען
שוין מער ניטאָ צווישן אונדז. דאָס געפיל, וואָס האָט אלעמען ארומגענומען
ביים יענעם היסטאָרישן צוזאמענפאָר, איז געווען <u>די פליכט צו געדענקען</u>!
מיר טראָגן א הייליקע אחריות, אזוי האָבן מיר אלע געפילט, אז אין דעם
ייִדישן לעבן זאָל ניט פארגעסן ווערן ניט דער חורבן און אומקום, און

אויך ניט דער ייִדישער ווידערשטאַנד. נאָך מער טאָר ניט פאַרגעסן ווערן דער
גײַסטיקער ווידערשטאַנד פונעם ייִדישן מענטשן וואָס האָט אין די ערגסטע טעג
פון יסורים אויפגעהיט זײַן מענטשלעכקייט, זײַן ייִדישן באַוואוסטזײַן.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט דעריבער גענומען אויף זיך דעם חוב
צו זאַמלען און פּובליקירן וואָס מער מאַטעריאַלן פון יענער תקופה, סײַ
כראָניקעס, סײַ קינסטלערישע ווערק. דער לאָזונג איז געוואָרן: געדענקען,
טײַער האַלטן דעם אָנדענק! נאָר דורך געדענקען קען אַ פאָלק איבערטראָגן,
איבערלעבן און שטאַרקן זײַן ווילן פאַר ווײַטערדיקן נאַציאָנאַלן קיום.

דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך אויף דעם געביט אויפגעטאָן אַ
היפּש ביסל: ער האָט דער ערשטער געזאַמלט און פּובליקירט די לידער וואָס
זײַנען אויפגעקומען אין די געטאָס און לאַגערן; געדרוקט 4 גרויסע בענד
מאַטעריאַלן און מעמואַרן פון די געטאָ־יאָרן, אונטערן נאָמען „פון נאָענטן
עבר"; געשטעלט אַ מאָנומענט פאַר טויזנטער ייִדישע שרײַפטשטעלער אין די 7
ענציקלאָפּעדיע־בענד „לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור". ווי
אַ באַזונדערן אַקט פון געדענקען האָט דער קולטור־קאָנגרעס במשך פון אַ
סך יאָרן דורכגעפירט געטאָ־יזכור־פאַרזאַמלונגען, אײַנגעשטעלט אַ צערעמאָ-
ניאַל פון צינדן זעקס ליכט, געפּועלט במשך פון יאָרן, אַז די שטאַט־רעגי-
רונג אין דער שטאָט ניו־יאָרק זאָל פּראָקלאַמירן אַ ספּעציעלן יזכור־טאָג,
ווען די גאַנצע באַפעלקערונג זאָל אויסדריקן איר סימפּאַטיע און סאָלידאַרי-
טעט מיטן ייִדישן פאָלק און געדענקען דעם היסטאָרישן טאָג, ווען די ייִדן
פון וואַרשעווער געטאָ זײַנען אויפגעשטאַנען מיט געווער אין האַנט קעגן זײַ-
ערע פאַרניכטער און אומברענגער!

אַ צווײַטער לאָזונג וואָס איז געהערט געוואָרן מיט 20 יאָר צוריק
בײַם וועלט־צוזאַמענפאָר איז געווען רעקאָנסטרוקציע! ווידעראויפבוי פון
אונדזער קולטור־לעבן, דערמוטיקונג פאַר אַלע שעפערישע כוחות פון ייִדישן
לעבן. דאָס איז ניט אַן אויפגאַבע וואָס אַן אײַנצלנע אָרגאַניזאַציע האָט זיך
געקענט שטעלן און זי דורכפירן, - דאָס איז געווען אַ רוף צו אונדזער
גאַנצן שווער־געפּרואווטן דור. אַ מאָראַלישע פאַרפליכטיקונג איז אַרויפגעלייגט
געוואָרן אויף אונדז אַלעמען, אַלע גרופּעס, ריכטונגען, אַלע ישובים.

אײנער פון די באַשײַדענע אויסדרוקן פון דעם דאָזיקן אַקט פון
דערמוטיקונג האָט בײַם קולטור־קאָנגרעס אָנגענומען די אינסטיטוציע פון
אויסטיילן ליטעראַרישע פּרעמיעס. דאָס זײַנען פּרעמיעס (אין דער סומע פון
$500 און $1000), וועלכע זײַנען געגעבן געוואָרן די פאַרדינסטפולע ייִדישע
שרײַבער, וואָס האָבן פּובליקירט נײַע ווערק, אָדער די פּרעמיעס זײַנען געגעבן
געוואָרן פאַר זייער גאַנצן ליטעראַרישן וועג. איבער פינף און דרײַסיק
טויזנט דאָלער איז שוין אויסגעטיילט געוואָרן אין ליטעראַרישע פּרעמיעס.

דער כוח אויף וועלכן דער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס האָט זיך במשך
פון אַלע יאָרן געהאַלטן, זײַנען די טויזנטער אונטערשטיצער און פרײַנד פון
דער ייִדישער קולטור־באַוועגונג איבערן לאַנד. דאָס זײַנען אויך די ייִדישע
פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס און אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, די פאַראײנען פון ייִדישע
שרײַבער. דער קולטור־קאָנגרעס געניסט כמעט ניט פון די צענטראַלע פאָנדן
פון דער אַמעריקאַנער ייִדישער געמײַנדע. דאָס מאַכט שווער די אַרבעט פון דער
ייִדישער קולטור־באַוועגונג. אָבער דאָס גיט איר פרײַהייט און זעלבסטשטענ-
דיקייט און די מעגלעכקייט פרײַ אָפן צו זאָגן איר וואָרט פון מאָנונג
אין דעם אַמעריקאַנער ייִדישן לעבן.

" " "

## ד"ר שמואל מאַרגאָשעס

221

דעם 22סטן אויגוסט 1968 איז אין עלטער פון 81 יאָר געשטאָרבן
דער פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון אַלוועלטלעכן ייִדישן
קולטור־קאָנגרעס ד"ר שמואל מאַרגאָשעס.

ער איז געווען א פּראָמינענטער ייִדישער און ענגלישער פובליציסט.
לאַנגע יאָרן רעדאַקטאָר פון דער היגער צייטונג „טאָג", צענדליקער יאָרן
האָט ער אין זיין צייטונג געפירט אַן ענגלישן קאָלום, אין וועלכן ער
האָט אויך א שאַרפזיניקן אופן רעאַגירט אויף צייט־ און תוך־פּראָבלעמען.
פון דער פריער יוגנט אָן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, איז ער גע-
וואָרן איינער פון אירע וואָרטזאָגערס.

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 21סטן אָקטאָבער 1887 אין דאָרף
יוזעפּאָוו, ביי טאַרנע (טאַרנאָפּאָל), גאַליציע. זיין פאָטער יוסף מאַרגאָ-
שעס איז געווען א שטענדיקער מיטאַרבעטער פון „טאָג", „היינט", „די
צייט" א"א ייִדישע שריפטן.

שמואל מאַרגאָשעס איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1905. ער
האָט געהאַט דעם טיטל „דאָקטאָר פון העברעישער ליטעראַטור", באַקומען
אין ייִדישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין 1912 און דעם מאַגיסטער־טיטל
פון קאָלאָמביא־אוניווערסיטעט.

ער איז געווען מיטגרינדער פון „פּיפּלס רעליף", „דזשוינט"
און פון דעם „אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס"; מיטגליד פון ציוניס-
טישן אַקציאָנס־קאָמיטעט אין ירושלים און וויצע־פאָרזיצער פון ייִדישן
פּען־צענטער. ער איז געווען א ציוניסט און אין דער זעלבער צייט א
קעמפערישער ייִדישיסט. ער האָט אויך א באַזונדערן אופן געשאַפן דעם
מיזוג פון מדינת־ישראל און דאָאיקייט.

זיין פרוי, געשטאָרבן פאַר א יאָרן, איז געווען די באַקאַנטע
ייִדישע דיכטערין ראָזע קירשענבוים־מאַרגאָשעס.

" " "
"

### הספד פון חיים בעז, געהאַלטן ביי דער לוויה פון ד"ר מאַרגאָשעס, פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון קולטור־קאָנגרעס, זונטיק דעם 25סטן אויגוסט, 1968

מיר באַגלייטן היינט צו זיין אייביקער רו ד"ר שמואל מאַרגאָשעס.
אונדזערע הערצער זיינען אָנגעפילט מיט ווייטאָג און צער, ווייל מיר האָבן
אים געאַכט און מיר האָבן אים ליב געהאַט, ווייל מיר האָבן געפילט זיין
ברידערלעכע נאָענטקייט און זיין מענטשן־פריינדשאַפט און מיר האָבן גע-
טראָגן די אייגענע נאָענטקייט צו אים.

שמואל בן יוסף, דער מענטש פון ײדישן יחוס, א יחוס װאָס
האָט זיך געצויגן דורך דורות רבנים אזש צום מהרשא און רשי, האָט
שטאָלץ געטראָגן די ירושה פון מזרח־אײראָפעאישער ײדישקײט ־ פון
טויזנט יאָר אשכנז ־ און האָט זײַן לעבן געװידמעט דעם קאמף פאר
אונדזער נאציאָנאלער אויפלעבונג.

ער האָט מיט א טיפער אמונה געגלײבט, אז מען קען אויפ־
בויען א שעפעריש ײדישן לעבן אין אמעריקע, הגם ער האָט פון זײנט
זײַנע יונגע יאָרן אויפגעהויבן זײַן קול און געװידמעט זײַן ענערגיע,
זײַנע בעסטע כחות אָפגעגעבן פאר דער עטאבלירונג פון א ײדיש הײם־
לאנד אין ישראל. לגבי אלע עקסטרעמען מיט װעלכע עס האָט זיך אויס־
געצײכנט אונדזער אומרואיקער און פארביטערטער יאָרהונדערט האָט ד״ר
מארגאָשעס פארטראָטן דעם היסטאָרישן ײדישן װעג, װאָס איז געװען אין
תוך, א מיטלװעג ־ דער שװערסטער װעג. ער האָט פאראײניקט אין זײַנע
ליבשאפטן ישראל און תפוצות, ײדיש און עברית, א ײדישע סואװערענע
מדינה און די האָפענונג אויף א ײדיש לעבן אומעטום. ד״ר שמואל
מארגאָשעס איז געװען פארבונדן מיט דער ײדישער שרײַבער־משפחה און
מיט דער אויפגעקומענער ײדישער ליטעראטור אין אמעריקע װי א שרײַ־
בער, א פובליציסט, א רעדאקטאָר. ער, אײנער פון די ראשונים װאָס
האָט צוגעזען דעם אָנהײב פון דער גרויסער ײדישער מאסן־אײנװאנדע־
רונג, איר עלנט און װײ, אָבער אויך אירע דערגרײכונגען, איז מיט
דער צײַט געװאָרן דער דעקאן פון ײדישן זשורנאליזם, א פירנדיקע
פערזענלעכקײט אין אמעריקאנער ײדישן לעבן און א מאָראלישער כח אין
לעבן פון אונדזער ײדישער געמײנדע.

אין משך פון זײַן לעבן האָט ד״ר מארגאָשעס געפונען אומצאָ־
ליקע פרײַנד צװישן די פאָרשטײער פון די פארשײדנסטע באװעגונגען
אין ײדישן לעבן.

הײנט װען מיר טרויערן אויף זײַן אװעקגײן פילן מיר זיך
פאראבלט, מיר פילן א גרויסע פוסטקײט אין אונדזער לעבן, אין
אונדזער ײדישער סביבה. ניטאָ דער מענטש פון ײדישער אחריות.
ניטאָ דער מענטש פון פראקטישן פארשטאנד, ניטאָ דער בעל־אמונה!

מיר װײסן, זײַנע יאָרן זײַנען געװען פול מיט מעשים און מיט
מעשים־טובים, דערצו האָבן מיר אלע מאָל אין אים געפילט א װאונדער־
לעכע יוגנטלעכקײט, א קעמפערישן גײסט.

נאָר די לעצטע חדשים פון זײַן לעבן, בעת זײַן שװערער קראנק־
הײט, האָבן מיר די נאָענטע, אָפט צוגעזען זײַנע יסורים... די װײטאָגן
זײַנען אים געװען שװער איבערצוטראָגן; דאָך האָבן אפילו די שװערסטע
יסורים ניט געבראָכן זײַן געמיט. אפילו אין די טעג פון שװערער
קראנקהײט האָט ער געקעמפט און געגלײבט, צוריק צו קענען נעמען װידער
מיט זײַן פען, מיט זײַן װאָרט... צוריק צו װערן אקטיװ און איצט בעיקר
לטובת אונדזער מאמע־לשון ־ ײדיש... ער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אז עס
איז איצט, מער װי אין יעדער אנדער צײַט, א היסטאָרישער מוז מיט מער
פרײַנדשאפט, ליבע און זארג ארומצורינגלען אונדזער ײדישע קולטור־
באװעגונג; היטן האלטן די פאָן פון ײדיש, אויפהיטן די װערטן און
דעם יחוס פון אונדזער מאָדערנער ײדישער ליטעראטור, װײַטער קעמפן פאר
אונדזער נאציאָנאלן לעבן און פאר אויסשמידן אונדזער קולטור־באַ־
װאוסטזײַן און דאָס זאָל געשען דװקא מיט די כחות פון ײדישער פאָלקס־
טימלעכקײט.

דער גורל האָט באשערט אנדערש, און הײנט קלײַבן מיר זיך צו־

זאמען אכלים...נאָר זײַן צוואה וועלן מיר הײליק אָפּהיטן...ער, וואָס האָט דערלעבט צו דער עלטער פון גבורה, האָט אונדז געלערנט ווי אַזוי מיט גײַסטיקער גבורה צו קעמפן פאַרן קיום פון אונדזערע ייִדישע און מענטש-לעכע אידעאַלן.

" " "

222 דעקלאַראַציע צום 16טן יאָרטאָג פון די אומגע-קומענע ייִדישע שרײַבער אין רוסלאַנד

דער 16טער יאָרצײַט פון דער ליקווידאַציע פון די ייִדישע שרײַבער און קולטור-טוער אין סאָוועט-רוסלאַנד פאַרצײַכנט הײַ-יאָר אויך דאָס 30סטע יאָר, זינט דאָס אַלגעמײַנע ייִדישע לעבן האָט אָנגעהויבן ליקווידירט צו ווערן אונטער דער דיקטאַטור פון יאָסיף סטאַלין.

דער טראַגישער אומקום פון די ייִדישע שריפטשטעלער און קינסטלער איז געווען דער לעצטער קלאַפּ אין דעם אויסראָט-פּראָצעס פון ייִדישער אײַנג-אַרטיקײַט אין סאָוועט-רוסלאַנד.

דער גײַסטיקער און פיזישער מאָרד פון דער ייִדישער קולטור און פון אירע שעפער טאָר קײן מאָל נישט פאַרגעסן ווערן. דער 12טער אויגוסט 1952 דאַרף פאַרבלײַבן אין זכרון פון אונדזער פיל-געפּײַניקטן פאָלק, ווי א טאָג פון דערמאָנונג און טרויער.

צום 16טן יאָרצײַט פון די אומגעקומענע ייִדישע שרײַבער אין רוס-לאַנד, דריקט דער אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור-קאָנגרעס אויס זײַן צער און פּראָטעסט קעגן דעם מאָרד פון די ייִדישע שעפער און אינטעלעקטואַלן, וואָס זײַנען ליקווידירט געוואָרן בלויז דערפאַר, וואָס זיי זײַנען געווען ייִדן.

דער אַלוועלטלעכער ייִדישער קולטור-קאָנגרעס שטעלט אַרויס די פאָלגנדיקע פאָדערונגען:

1. די סאָוועטישע רעגירונג זאָל אָפּשאַפן דעם פאַרבאָט אויפן ייִדישן קולטור- און געמײַנדע-לעבן, אויף דער ייִדישער ליטעראַטור, טעאַטער און פּרעסע; די סאָוועטישע ייִדן זאָלן באַקומען דאָס רעכט צוריק אויפצושטעלן זײערע קולטור- און בילדונגס-אינסטיטוציעס, זיי זאָלן קענען בויען אַנשטאַלטן פאַר דער ייִדישער דערציאונג און ייִדישער בילדונג פון זײערע קינדער; פון ענלעכע פונדאַמענטאַלע רעכטן געניסן ייִדישע גע-מײַנדעס אין אַלע לענדער, אומאָפּהענגיק פון פּאָליטישע און עקאָנאָמישע רע-זשימען.
2. די ייִדישע ייִדן זאָל דערלויבט ווערן אײַנצושטעלן א קאָנטאַקט מיט זײערע ברידער אין אַלע לענדער.
3. אין אײַנקלאַנג מיט די פּרינציפּן פון יו-ען-טשאַרטער זאָל געגעבן ווערן דאָס רעכט פון אויסוואַנדערן פאַר יענע סאָוועטישע ייִדן, וואָס פאַרלאַנגען דאָס מחמת דעם שטרעבן צו פאַראײַניקן זיך מיט זײער משפחה אד"גל.
4. עס זאָלן עפנטלעך רעהאַביליטירט ווערן די נעמען פון די אומ-שולדיק אומגעקומענע סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער און די שולדי-קע אין דעם גרויזאַמען פאַרברעכן זאָלן צוגעצויגן ווערן צו פאַראַנט-וואָרטלעכקײַט.

די ייִדישע געמײַנדעס איבער דער וועלט האָבן אין 20סטן יאָרהונ-דערט געבראַכט די גרעסטע קרבנות אין קאַמף פאַר פרײַהײַט, יושר, פרידן, פאַר מענטשן-רעכט. אין פאַרבינדונג מיטן 16טן יאָרצײַט נאָך די אומ-שולדיק-אומגעקומענע ייִדישע אינטעלעקטואַלן, שרײַבער און קינסטלער אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, באַקרעפטיקן מיר נאָך א מאָל די פאָדערונגען צו רעסטאַוו-רירן די קולטור- און געמײַנדע-לעבן פון סאָוועטישן ייִדנטום.

223

## דעקלאראציע פון אלוועלטלעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס
## וועגן באַזוך פון מאָסקווער רב אין אמעריקע

אין שייכות מיטן באַזוך פון דעם מאָסקווער הויפּט־רב, יהודה־לייב לעווין, אין אמעריקע, האַלט דער אלוועלטלעכער ייִדישער קולטור־קאָנגרעס פאר זיין חוב צו דערקלערן:

א) דאָס ייִדנטום פון דער רוסישער אימפּעריע, וואָס האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט דעם גרעסטן ייִדישן ישוב אין 19טן און 20סטן יאָרהונדערט, איז גלייכצייטיק געווען דער גרעסטער און שאפנדיקסטער ייִדישער צענטער פון גייסט און קולטור, ניט געקוקט אויף די אלע גזירות און נגישות פון צארישן רעזשים. אויסערלעך באַגרענעצט און דיסקרימינירט, האָבן די ייִדן אינערלעך געפילט זיך פריי. דאָס האָט מעגלעך געמאַכט דעם גרויסן נאציאָ־נאל־קולטורעלן רענעסאנס פון ייִדישן כלל, דעם אויפקום פון דער נייער ליטעראטור אין ייִדיש און העברעיש און אנדערע אויסדרוקן פון דער ייִדי־שער אויפלעבונג.

ב) אין די ערשטע צוויי צענדליק יאָר פון דער קאָמוניסטישער ממשלה איז די ייִדישע באפעלקערונג, ווי די בירגער פון די אנדערע נאציאָנאלי־טעטן, ארונטערגעפאלן אונטער די זעלבע אלגעמיינע שטארקע באַגרענעצונ־גען. אויך די ייִדישע קולטורעלע שאפונגען זיינען געווען דערלויבט בלויז אין א קאָמוניסטישער באפארבונג, ספעציעלע אנטי־ייִדישע דיסקרי־מינאציעס זיינען אָבער דעמאָלט נישט געווען.

ג) שוין דריי צענדליק יאָר ווי פאר די סאָוועטישע ייִדן ווערט געמאַכט אן אויסנאם צום ערגערן. אָנגעהויבן אין די צייטן פון סטאלינס אליינ־הערשאפט, ווערט די דיסקרימינאטאָרישע פּאָליטיק געפירט־היזם. ס'זיי־נען מער נישטאָ קיין שולן, צייטונגען, טעאטערן, פאָרשונג־אינסטיטוטן און אנדערע טעטיקייטן אין דער ייִדישער שפראך, די רעכט פאר נאציאָנאלע שאפונגען אפילו אין די באַגרענעצטע פאָרמען, ווי עס האָבן די גרויסע צאָל אנדערע פעלקער אין סאָוועט־רוסלאנד, איז ביי ייִדן צוגענומען גע־וואָרן. די זעלביקע באַגרענעצונגען ווערן אויך געמאַכט לגבי דער העב־רעיִשער שפראך און לגבי די רעליגיעזע באַדערפעניש פון יענע ייִדן, וואָס ווילן אָנהאלטן זייערע רעליגיעזע טראדיציעס. אין געענדערטע פאָר־מען ווערט אָנגעווענדט דער צארישער כלל פון „קראָמיע יעווריעוו" (אחוץ ייִדן).

ד) מיר ווארפן קאטעגאָריש אָפּ די אָפיציעלע תירוצים פון די סאָווע־טישע פאָרשטייער, ווייל זיי זיינען נישט־אמת און נישט־אויפריכטיק. די ספעציעלע אויסנאם־באַגרענעצונגען זיינען בלויז אן אויסדרוק פון דער פּאָליטיק פון צוואנג־אסימילאציע, וואָס די קאָמוניסטישע פארטיי און די סאָוועטישע רעגירונג האָבן באַשלאָסן צו פירן לגבי דער ייִדישער באפעל־קערונג.

ה) דער פאקט וואָס דער מאָסקווער רב, יהודה־לייב לעווין, וואָס טרעט דאָ אויף ווי א פאָרשטייער פון זיין סינאגאָגע, חזרט איבער די אלע תי־רוצים און ארגומענטן, אין הסכם מיט דער אָפיציעלער קאָמוניסטישער ליניע, קען בלויז דינען ווי נאָך אן אילוסטראציע פון דער טראגישער לאגע פון די סאָוועטישע ייִדן. שוין אָפּגערעדט, אז ער קען נישט ברענ־גען צום אויסדרוק די אמתע מיינונגען און פארלאנגען פון די סאָוועטי־שע ייִדן, וואָס זיינען אין זייער גרויסער מערהייט, ווי הרב לעווין האָט

אלײן דערקלערט, נישט רעליגיעז, נאָר ער איז אויך נישט פרײ צו זאָגן
װאָס טראכטן און פילן די דאָרטיקע רעליגיעזע ײדן.

ג)    מיר זײנען זיכער, אז די פאָדערונג צו געבן די ײדן די זעלבע
רעכט װאָס עס האָבן די אנדערע נאציאָנאליטעטן אין סאָװעטן-פארבאנד,
אנטשפרעכט נישט בלויז די עלעמענטארע פרינציפן פון יושר און גערעכ-
טיקײט, פון מענטשלעכע און בירגער-רעכט, נאָר אויך דעם הײסן פארלאנג
פון די שטארק-באַװעגטע סאָװעטישע ײדן, װאָס האָבן ערשט מיט א פערטל
יאָרהונדערט צוריק געצאָלט א גרויסן בלוט-שטײער, װי פארטײדיקער פון
לאנד און װי קרבנות פון דער היטלערישער רציחה. **נאָכן פיזישן מאָרד**
פון ײדישן פאָלק מצד די נאצי-רוצחים, טאָר נישט קומען א נאציאָנאלער
און גײסטיקער גענאָסיד מצד די סאָװעטישע הערשער.

אלװעלטלעכער ײדישער קולטור-קאָנגרעס

אדמיניסטראטיװער קאָמיטעט

" " "

<u>224</u>

<u>פלאַן פון פײערונגען צו אונדזער 20סטן יובל</u>
<u>סוף-װאָך - 6טן, 7טן,8טן דעצעמבער</u>
1968

1. <u>עפנטלעכע פײערונג</u> לכבוד 20 יאָר אלװעלטלעכער ײדישער קולטור-
קאָנגרעס. פראָגראַם: רעפעראטן און קינסטלע-
רישער טײל.

2. <u>פאנעלן (קאָנפערענץ)</u>;

3. <u>יובל-באנקעט</u>, זונטיק דעם 8ן דעצעמבער, 1968.

מעגלעכע טעמעס פון רעפעראטן בעת די פאנעלן און דעם באנקעט:

א) <u>נײע אויפגאבעס און פערספעקטיװן</u> פארן ײדישן קולטור-
קאָנגרעס,
ב) <u>די טשערנאָװיצער שפראַך-קאָנפערענץ</u> - איר אויפטוען
און איר אויסװירקונג אין ײדישן לעבן,
ג) װי שאפט מען די בריק <u>צװישן דורות</u> אין ײדישן קולטור-
לעבן,
ד) <u>די צענטערס פון ײדישער ליטעראַרישער שאפונג</u> הײנט צו טאָג
ה) <u>קאמף פאר דער געזעלשאפטלעכער אנערקענונג</u> און פאר דער
חשיבות פון ײדיש,
ו) ערב דער יובל-דאטע - <u>100 יאָר ײדישע פרעסע</u> אין די
פאראײניקטע שטאטן,
ז) <u>ײדישער טעאטער, מוזיק און פלאסטישע קונסט.</u>

4. װי א רעזולטאט פון דעם צוזאמענקום װאָלט די הויפט-פארװאל-
טונג פון קולטור-קאָנגרעס געדאַרפט ארויסלאָזן:

א) א רוף װעגן א קולטור-בארעטונג אָדער צוזאמענפאָר, װאָס
זאָל פאָרקומען װינטער 1969,
ב) א דעקלאראציע װעגן דער ײדישער שפראַך,
ג) א װענדונג צו די העכערע אקאַדעמישע אינסטיטוציעס
פאר דער ײדישער בילדונג, אז זײ זאָלן אײנפירן די

לימודים פון ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור,

ד) א װענדונג צו די ייִדישע עלטערן, איבערהױפּט צו די געקומענע פון מזרח־אײראָפּע, אָפּצוהיטן ייִדיש װי א שפּראַך פון דער היים,

ה) א רוף צו די ייִדישע שרײַבער און קולטור־טוער צו פאַר־שטאַרקן זײער ארבעט אויף די ערטער, בויען נײַע אינסטי־טוציעס, שטאַרקן די פּאָזיציעס פון דער ייִדישער פּרעסע אד"גל.

5. ארויסגעבן א יובל־שריפט, װאָס זאָל באַשטײן פון װײטערדיקע טײלן:

א) רעפעראַטן װאָס זײַנען געהאַלטן געװאָרן בעת דעם באַנקעט און קאָנפערענץ,

ב) דעקלאַראַציעס,

ג) ארויסזאָגונגען פון שרײַבער אין שײַכות מיטן יובל,

ד) באַגריסונגען.

6. דורכפירן ענלעכע פײַערונגען און סימפּאָזיומס אין א צאָל שטעט אין די פאַראײניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, װי למשל: פילאַדעלפיע, שיקאַגע, באָסטאָן, דעטראָיט, קליװלענד, לאָס־אַנגעלעס, מיאַמי, מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ, װיניפּעג.

7. דורכפירן א גרויסע ביכער־אויסשטעלונג אונטערן נאָמען: „20 יאָר ייִדישער בוך־װעזן און ייִדישע פּרעסע".

8. אָרגאַניזירן אַן אויסשטעלונג – „ייִדישע קונסט".

" " "

---

אונטערנעמונגען פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס
במשך די חדשים סעפּטעמבער, אָקטאָבער,
נאָװעמבער 1968, נ.י.

1. שלושים־אָװנט אין אָנדענק פון ד"ר ש. מאַרגאָשעס – זונטיק, דעם 29סטן סעפּטעמבער;

2. קבלת־פּנים פאַרן דיכטער משה װאַלדמאַן (פּאַריז) – שבת, דעם 12טן אָקטאָבער;

3. א גלאַנץ־לײענער אָװנט צום דערשײַנען פונעם בוך „אָפּקלײַב־לידער, פּאָעמעס, דראַמעס – דאַטע צו באַשטימען

4. סיום־פּײַערונג צום דערשײַנען פון פאַרלעצטן־קטן באַנד „לעקסיקאָן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור" און דעם באַנד „טעאַטער אין אײראָפּע צװישן בײדע װעלט־מלחמות – פּוילן"; " "

5. 60 יאָר טשערנאָװיצער קאָנפערענץ; " "

6. אויסטײלן פון דער פּרעמיע פאַר ייִדישער פּאָעזיע און דער סטיפּענדיע אויפן נאָמען פון ליזאַ און װילי שאָר. " "

## נײַע ביכער

225

### דערשײַנען אין פֿאַרלאַג פֿון קולטור־קאָנגרעס צום 20סטן יובל־יאָר (1968־1948)

1. לעקסיקאָן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, באַנד ז, מיט די נעמען פֿון די ייִדישע שרײַבער וואָס הײבן זיך אָן אויף די אותיות ע, פּ, פֿ, צ, אונטער דער רעדאַקציע פֿון א קאָלעגיע: אפרים אויערבאַך, יעקב בירנבוים, ד״ר אליהו שולמאַן, משה שטאַרקמאַן. די מיטאַרבעטער אינעם באַנד זײַנען: ד״ר י.מ. בידערמאַן, יחיאל הירשהויט, ל. וואַסערמאַן, יעקב כהן, בנימין עליס, חיים־לײב פוקס, לײזער ראַן. ספּעציעלע אַרבעטן האָבן אויך געשריבן די מיטגלידער פֿון דער רעדאַקציע.

אינעם באַנד גײען אַרײַן בײַ 900 ביאָ־ביבליאָגראַפֿיעס. צווישן זײ גרעסערע אַרבעטן פֿון קריטיש־פֿאָרשעריש כאַראַקטער וועגן די שרײַבער: יואל ענטין, ישראל עפֿרויקין, מאַקס עריק, הענריק ערליך, יעקב פּיכמאַן, לעאָן פֿינקעלשטײַן, ד״ר הערמאַן פֿראַנק, ד״ר פֿיליפּ פֿרידמאַן, דוד פֿרישמאַן, שמעון פֿרוג, יעקב פּאַט, דוד פּינסקי, יהושע פּערלע, נח פּרילוצקי, י.ל. פּרץ, צביון, אליקום צונזער, הלל צײַטלין, ד״ר ישראל צינבערג, אַלעקסאַנדער צעדערבוים א״א. די אַרבעט וועגן י.ל. פּרץ איז גאָר פֿון א באַזונדער וואָרט; זי איז אויך אין כמות א פֿאַרנעם. זי וואָלט געקענט אַרויסגעגעבן ווערן ווי א באַזונדער בוך. זי באַשטײט פֿון דרײַ אָפּטײלונגען א) פּרצס לעבן און שאַפֿן, ב) פֿראַגמענטן פֿון דער קריטיק איבער פּרצן און ג) פּרץ־פֿאָרשונג.

דער באַנד איז געווידמעט דעם אָנדענק פֿון יעקב פּאַט - גרינדער און לאַנג־יאָריקער פֿאָרזיצער פֿון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פֿון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס.

2. ייִדישער טעאַטער אין אײראָפּע צווישן בײדע וועלט־מלחמות - פּוילן (מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער), רעדאַקציע־קאָלעגיע: איציק מאַנגער, יאָנאַס טורקאָוו, משה פּערענסאָן. (516 ז״ז)

### אינהאַלט

איציק מאַנגער, אַרײַנפֿיר — שטעט און שטעטלעך.

**ווילנער טרופּע**

א. אזרא, דער אָנהײב
יעקב ווײַסליץ, דער גאַנג אין דער וועלט

**וואַרשע**

מרדכי שנער (שניאָר), וואַרשעווער ייִדישער קונסט־טעאַטער („וויקט״);
יצחק טורקאָוו־גרודבערג, ייִדישע טעאַטערס אין וואַרשע.
יוסף גליקסאַן, יונג־טעאַטער;
מ. נודעלמאַן, קלײנקונסט און מאַריאָנעטן־טעאַטער.

**אויף דער פּוילישער פּראָווינץ**

שעפּטל זאַק, ייִדישער טעאַטער אין

**פֿיר ייִדישע טעאַטער־צענטערס**

לײזער ראַן, ווילנע - א פּערטל־יאָרהונדערט ייִדישער טעאַטער;
וואָלף ברעסלער, לאָדזש - עפּיזאָדן פֿון ייִדישן טעאַטער־לעבן;
רחל האַלצער, קראָקע - א בלעטל זכרונות;
שלמה פּריזאַמענט, לעמבערג - אַן אַלטע ייִדישע טעאַטער־שטאָט.

**נישט פּראָפֿעסיאָנעלע טעאַטערס**

משה פּערענסאָן, דראַמאַטישע קרײַזן און טעאַטער־סטודיעס

**ייִדישער אַרטיסטן פֿאַראײַן אין פּוילן**

מ.וו. בערנשטײַן, די אָרגאַניזאַציע

פון די ײדישע ארטיסטן (1916 - 1939).

<u>אין די חורבן יאָרן</u>

יאָנאס טורקאָװ, טעאטער און קאָנ-צערטן אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע-לאַגערן.

„...אינעם דאָזיקן זאמלבוך באַטײליקן זיך 15 מחברים װעלכע האָבן לרוב אלײן מיטגעמאַכט אָט דעם אויפבויערישן פעריאָד - אַקטיאָרן, רעזשי-סאָרן, טעאטער-טוער - מיט אײן װאָרט - בינע-קינסטלער, װעלכע האָבן אלײן מיט מי און מאַטער געלײגט ציגל צו אונדזער טעאטער-בנין. א שלל מיט װערטפולע אינפאָרמאַציע װאָס װעט באַרײכערן די געשיכטע פונעם ײדישן טעאטער.

די ארבעטן װאָס מיר האָבן צונויפגעזאַמלט בײ אן ערך 30 מחברים נעמען ארום גאַנץ מזרח-און מערב-אײראָפּע. דער איצטיקער באַנד איז גע-װידמעט בלויז פּוילן, װאָס האָט פאַרנומען א צענט-ראַלן אָרט אין דער אנטװיקלונג פון ײדישן טעאטער אין מזרח-אײראָפּע. דער צװײטער באַנד, אויב מיט-לען װעלן דערלויבן, װעט זײן געװידמעט דער ײדי-שער טעאטער-שאַפונג אין אלע אנדערע לענדער פון אײראָפּע..."

(פון דער הקדמה)

3. <u>א. גלאַנץ-לעיעלעס, אָפּקלײב - לידער, פּאָעמעס, דראַמעס.</u>

אלגעמײנער אינהאלט: אפרים אויערבאַך: א. גלאַנץ-לעיעלעס, יעקב גלאַטשטײן: אײנגעװעלטערטע יונגשאַפט, א. סוצקעװער: דער יריז װערט געשלאָסן, לײב פײנבערג: דער דיכטער פון אורבאַנישן װעלט-באַנעם: דאַטעס פון א. גלאַנץ-לעיעלעס' ביאָגראַפיע, לאַבירינט (1918), יונגהאַרבסט (1922), ראָנדאָס און אנדערע לידער (1926), פּאַביום לינד (1937), א ײד אויפן ים (1947), פּאַניע (1954), בײם פוס פון באַרג (1957), אמעריקע און איך (1963), לעצטע לידער (1966); דראַמעס: אַשר לעמלען (1928), שלמה מולכו (1926). (588 ז"ז).

דרײ פּראָמינענטע פּאָעטן אפרים אויערבאַך, יעקב גלאַטשטײן און לײב פײנבערג - אלע לאַנגיאָריקע פרײנד פון א. גלאַנץ-לעיעלעס האָבן אָפּגעקליבן דעם מאַטעריאַל פון דעם נפטרס רײכער ליטעראַרישער ירושה און, צוזאַמען מיטן דיכטער א. סוצקעװער, באַגלײט דאָס בוך מיט אינטימע און קריטישע פאָררעדעס.

„...די רעדאַקציע פונעם בוך האָט זיך דער עיקר קאָנצענטרירט אויף דעם װאָס נ י ש ט אַרײנצונע-מען אין דער געקליבענער זאַמלונג, אײדער װאָס י אָ אַרײנצונעמען. מיר האָבן געקענט יעדער ליד, דער עיקר פון די ביכער נאָך דעם ערשטן בוך. די פּראָבלעם איז געװען צו קלײבן דעם מובחר מן המובחר, װאָס זאָל פול רעפּרעזענטירן לעיעלעסן. מיר האָפן, אז דער אויסקלײב איז א געראָטענער און, אז מיר ברענגען פארן ײדישן לײענער א פ ו ל ן פּאָעט, װאָס האָט זיך אַזוי שאַרף אַרײנגעשניטן אין דער פּאָעזיע אונדזערער דורך די קרוב צו פופציק יאָר, װאָס ער האָט געשאַפן. אויב אפילו מיר האָבן געמאַכט א טעות

דא און דארטן, זײַנען מיר אָבער זיכער, אַז מיר האָבן דעם פּאָעם נישט געקריװדעט און אַז די שע־פּערישע ירושה זײַנע האָבן מיר אָפּגעהיט מיט חאַרע־מע, ליבנדיקע הערצער...

אפרים אויערבאך

„...צװישן אונדז איז לעיעלעס געװען דער מנגן, דער געזאַנג־מײַסטער, װאָס האָט אַרױסגערופן אונדזער באַװאונדערונג, מיט דער געפּאַסטקײַט פון זײַן געזאַנג־געדאַנק, מיט דער קאָנצענטרירטקײַט פון זײַן געמאָסטענער שורה, מיט דעם אופן װי ער האָט זײַן גאַנצע װעלט־מענטש־ײִד־דערפאַרונג געװאָלט אַרײַנ־גראַװירן אין זײַן ליד...״

יעקב גלאטשטײן

„...לעיעלעס, קען מען בלי גוזמא זאָגן, האָט אַרײַנגעפירט די ײִדישע פּאָעזיע אין אַ נײַעם קלימאַט און גלײַכצײַטיק האָט ער געשאַפן אַ נײַעם, אײַנגעאָרטיקן סטאַנדאַרד פון הױך־קװאַליפיצירטע פּאָעטישע באַגריפן, װאָס קײנעם ביז איצט איז גאָר נישט אײַנגעפאַלן, אַז דער „אָרעמער זשאַרגאָן״ איז באמת ביכולת צו זינגען מיט אַזאַ ברײט־אָטעמדיקער, פול־בריסטיקער באַריטאָן־שטים...

„...יאָ, לעיעלעס איז דער דיכטער פון גרױס־שטאָטישן שװאונג, דער פּאַלאַדין פון אורבאַ־נישן װעלטבאַנעם, דער סימבאָל פון די גרױסע ענ־דערונגען װאָס זײַנען פאָרגעקומען אין דער גײַסטי־קער סטרוקטור פון אונדזער פאָלק, װאָס איז פון אַ „שטעטלשן פאָלק״ געװאָרן אַ גרױסשטאָט־בירגער, אַ „װעלט־בירגער...

לײב פײַנבערג

„...לעיעלעס׳ ישראל־לידער זײַנען װאונדער פון פּאָעטישער באַנײַאונג. אין די שפּעטע זיבעצי־קער — אַזאַ פרישקײַט און העלזעװדיקער אױפזינג. זײַ דערמאָנען אין די יונגע ליטערע ריטמען פון זײַן י ו נ ג ה א ר ב ס. די ישראל־לידער זײַנען אָבער מער סימפּאָניש און זײַערע אוצרות זײַנען רײַכערע, מער ײִדישע. עס ליכט איבער זײַ אַ קדמונים־ליכט, װי די זון פון דער תנ״ך־צײַט װאָלט זיך צו־ריקגעקערט און זײַ באַשפּרינקלט...״

א. סוצקעװער

״ ״ ״

4. <u>ד״ר י. צינבערג, געשיכטע פון דער ײִדישער ליטעראַטור.</u> באַנד 7, אַרױסגעגעבן צוזאַמען מיטן אַרגענטינער אָפּטײל פון ײִדישן קולטור־קאָנגרעס.

״ ״ ״
״ ״